# ד״ר יאַנוש קאָרטשאַק

## לערער און דערציער



קארטשאק מיט א גרופע קינדער, קורץ פאר דער
2־טער וועלט־מלחמה, אין קינדער־היים

זלמן וואסערצוג

# ד"ר יאנוש קאָרטשאַק

## לערער און דערציער



בוענאָס איירעס
1953

געהייליקט דעם אָנדענק פון מיין
אומפארגעסלעכן ברודער, דער
געטרייער און ערלעכער לערער

**אברהם ב"ר משה ז"ל**

דעם אָנדענק פון אלע אונדזערע
אומשולדיקע קינדער, לערער און
דערציער — פארפייניקטע און
אויסגעמאָרדעטע דורך דער נאַ־
ציסטישער דייטשלאנד. הי"ד.

# אינהאַלט

# דער מענטש פון געליטערטן אידעאליזם

פ א ר וו א ר ט

שווער, גאַר שווער צו שרייבן וועגן דער אייגנאַרטיקער און ליכטיקער פּערזענלעכקייט פון ד״ר יאַנוש קאָרטשאַק. דאָס איז קיינמאָל נישט געווען גרינג, און מערער נאָך איצט, ווען זיין נאָמען איז פאַרשריבן צווישן די מאַרטירער פון דער יידישער וואַרשע. ער איז איינער פון אונדזערע מיליאָנען קדושים.

אין זיין גאַנץ לעבן אָבער איז געווען עפּעס פון אַ הייליקן, פון אַ מאַרטירער, וואָס האָט מיט לייב און לעבן זיך געווידמעט זיין אידעאַל. און זיין אידעאַל איז געווען דאָס קינד — דאָס צאַרטע, שוואַכע, אומבאַהאָלפענע קינד, וואָסליידט כסדר פון דער אייביקער דיקטאַטור פון דערוואַקסענעם.

קאָרטשאַק איז די גרעסטע טייל פון זיין שעפערישן לעבן געווען פאַרבונדן מיט דעם יתומים-הויז אין וואַרשע, אויף קראָכמאַלנע 92. און געווען איז ער פאַר דעם אַנשטאַלט אַ געטרייער פאָטער און מוטער צוזאַמען. ער איז געווען דער דירעקטאָר, מעדיקער, שיך-פוצער, דערציער און די נשמה פון דעם הויז, וואָס ער האָט אין אַ גרויסער מאָס אויך אַליין אויסגעהאַלטן מיט זיינע פאַרדינסטן.

און ווי אַ געטרייער פאַסטעך האָט ער זיין סטאַדע נישט פאַר-לאָזט אין די שווערסטע שעהן. צוזאַמען מיט זיינע קינדער איז קאָר-טשאַק אומגעקומען.

די באַריכטן וואָס זיינען אָנגעקומען פון וואַרשעווער געטאָ, און וועלכע זיינען שפּעטער באַשטעטיקט געוואָרן פון לעבנגעבלי-בענע עדות, דערציילן, אַז קאָרטשאַק איז געגאַנגען בראש פון זיין קינדער-מחנה, ביז צום אָרט, וווּ עס האָבן געוואַרט אויף זיי די טויטן-וואַגאָנעס.

אַ טרויעריקע פּראָצעסיע איז דאָס געווען איבער די טרויערי-קע גאַסן פון וואַרשעווער געטאָ. קאָרטשאַק האָט געטראָגן אויף זיינע אָרעמס צוויי יונגע און שוואַכע קינדער, וועלכע האָבן שוין

אַליין מיט זייערע אייגענע פּיס נישט געקאָנט גיין, און נאָך איס האָט געצויגן די דערשראָקענע און טראַגישע קינדער־מחנה — נאָך דעם דערציער און פאָטער זייערן.

צום אומקום זיינען זיי געגאַנגען.

***

ער איז געווען, קאָרטשאַק, איינער פון די לויטערסטע און ליכ־טיקסטע פּערזענלעכקייטן פון דעם אומגעבראַכטן יידישן ישוב אין פּוילן. זיין אידעאַליזם איז געווען אַ געלייטערטער — פון ריינסטער און עכטער קוואַליטעט.

קאָרטשאַק איז געווען אַ שטילער אידעאַליסט, אין קעגנזאַץ צו די רוישיקע ערזאַץ־אידעאַליסטן, וואָס האָבן ליב זיך צו באַנוצן מיטן הויכריידער...

ער איז געווען פון דעם זעלטענעם מין מענטש ביי אונדז, וואָס גייט אום אויף די שפּיץ פינגער און טוט זיין שעפערישע אַרבעט מיט ליבשאַפט, מיט פרייד און מסירת נפש.

פונקט ווי ס׳איז פאַראַן אַ תפילה בלחש, אַזוי איז אויך גע־מאָלט — אַ טון בלחש; נישט אויף יוצא צו זיין פאַר לייטן, נאָר — פאַר דעם אייגענעם געוויסן, ווי אַן אינערלעכער באַגער און נויטווענ־דיקייט. און אַזאַ טון בלחש, אָדער בסתר — פונקט ווי אונדזערע טאַטעס פלעגן געבן צדקה בסתר — דאַרף נישט און וואַרט נישט אויף קיין באַלוינונג, דאַרף נישט קיין לויב־ווערטער, אָדער עפנט־לעכע באַערונגען, וואָס זאָלן זיין אַ פאַרגיטיקונג.

פון דעם מין מענטש איז געווען יאַנוש קאָרטשאַק.

קאָרטשאַקס אייגנאַרט און גרויסקייט ליגט נישט אין זיין מאַר־טירער־טויט, נאָר אין זיין לעבן. ער איז נישט נאָר געשטאָרבן ווי אַ מאַרטירער, נאָר — געלעבט ווי אַ מאַרטירער. אַוועקגעבן פאַר אַן אידעאַל דאָס גאַנצע לעבן, יעדן טאָג, יעדע שעה, יעדע מינוט — דאָס איז די שווערסטע פאָרם פון מאַרטירערטום.

ס'איז שווער אויפצושטייגן צו דער מדרגה פון אַ מאַרטירער, דערהייבן זיך צו דער מדרגה פון קידוש השם, וואָס קומט אין אַ מאָמענט פון נשמה־עקסטאַז, אָבער טויזנט מאָל שווערער איז — לעבן אַלע טאָג דערהויבן און הייליק.

געלעבט ווי אַ העלד און אויך געשטאָרבן ווי אַ העלד. צוזאַמען מיט זיין אָביעקט פון ליבע און ליידנשאַפט — דאָס קינד — איז ער אומגעקומען. צוזאַמען מיט אונדזער קינד, די „משהלעך, יאָסעלעך, ישראליקלעך", וועלכע ער האָט זיין לעבן אַוועקגעגעבן; — האָט ער נישט פאַרלאָזט, נישט פאַראַטן אין דעם לעצטן מאָמענט פון נסיון.

***

אין די שפּעטע שעהן פון דער נאַכט, ווען די היים האָט גערוט אין שלוהדיקן שלאָף, פלעגט מען טרעפן קאָרטשאַקן אַרומשוועבן איבער די שלאָף־זאַלן. פון בעטל צו בעטל פלעגט ער גיין. ער איז געווען דער איינציקער, וואָס איז נישט געשלאָפן. ער איז געווען דער גוטער מלאך, וואָס האָט געוואַכט איבער די צאַרטע לעבנס פון די קינדער.

דאָס איז ער אויפגעשטאַנען פון זיין געלעגער, אָדער איבערגעריסן זיין אַרבעט ביים שרייב־טיש, און אויפגעהויבן די קאָלדרעס, וואָס די קינדער האָבן פון זיך, אין אומרויקן שלאָף, אַראָפּגעקאָפּעט, און זיי צוריק איינגעדעקט.

און דאָס איז נישט דער איינציקער פאַל פון זיין שטילן אידעאַליזם, אַזעלכע פאַלן זיינען געווען אַ סך און שטענדיק, אָן צו רופן מער די אויפמערקזאַמקייט פון די אַרומיקע. ווי אַ נאַטירלעכע דערשיינונג האָט מען דאָס באַטראַכט.

קאָרטשאַק האָט פון דער יתומים־היים גאָרנישט גענומען, נאָר אַלץ געגעבן, געגעבן דאָס בעסטע פון זיין גייסטיקן און פיזישן פאַרמעגן. ער האָט נישט גענומען קיין געהאַלט, נישט אַלס

דירעקטאָר, נישט אַלס מעדיקער און נישט פאַר אַלע זיינע פונק־ציעס, און אויך נישט פאַר דער פיזישער אַרבעט וואָס ער האָט גע־טאָן.

און דאָס איז ווידער געווען אַזוי נאַטירלעך, אַזוי זעלבסטפאַר־שטענדלעך. נעמט דען אַ טאַטע געהאַלט? נעמט דען אַ מאַמע באַצאָלט פאַר דער ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט צו אירע קינ־דער?

און ווי אַ געטרייער טאַטע האָט ער זיי אַלץ, אַלץ אַוועקגע־געבן: זיין וויסן, זיין טאַלאַנט, זיין ענערגיע, זיינע טעג און נעכט און אויך די פאַרדינסטן, די האָנאָראַרן זיינע — דער דער־פאָלגרייכער שרייבער און לעקטאָר.

**
*

ער איז נישט געווען אַליין, קאָרטשאַק, אין דער אַרבעט פון טאָג־טעגלעכן, שטילן, באַשיידענעם אידעאַליזם. ער האָט געהאַט אַ שטאַב יונגע דערציער, מיטהעלפער (איך האָב געהאַט דאָס גליק צו זיין איינער פון זיי), און איבער זיי — אַ געטרייע און זעלטענע מיטאַרבעטערן. דאָס איז געווען פריילן סטעפאַ וויל־טשינסקאַ, אַ ליבטיקע פרויען־געשטאַלט פון דער יידישער פוילן. אַ רייכע טאָכטער, פון די חשובסטע יידישע משפחות אין וואַר־שע, האָט זי איר גאַנצע ירושה און אויך זיך זעלבסט אַוועקגע־געבן דעם יתומים־הויז.

סטעפאַ ווילטשינסקאַ איז מיט איר אידעאַליזם און פּראָפעסיאָ־נעלער פאַרשטענדעניש זיך אומצוגיין מיטן קינד, נישט אָפּגע־שטאַנען פון ד"ר קאָרטשאַק. ווי אַ פעלדז האָט זי מיט באַוווסטזיין און ליבשאַפט געטראָגן די שווערע זאָרגן פון דער קאָמפּליצירטער באַלעבאַטישקייט פון דער היים.

אָבער קאָרטשאַק איז געווען און איז געבליבן — די נשמה, דער שבת פון דער היים.

מען האָט געדאַרפט זען, וויפל ליבשאַפט, וויפל פאַרערונג די קינדער האָבן געהאַט פאַר אים. ער האָט באַוויזן דאָס וווּנדער צו געווינען זיי אינגאַנצן פאַר זיין זאַך.

די בעסטע מיטאַרבעטער זיינע זיינען געווען, נישט די דערציער, נאָר — די קינדער פון דער היים.

ער איז געווען פאַר זיי אַ פריינט, אַן עלטערער חבר, אַ פאָטער — אַ גוטער מלאך, און זיי האָבן עס געפילט און אָפּגעשאַצט.

קאָרטשאַק איז געקומען פון אַ דערוויטערטער, אַסימילירטער סביבה, דעריבער דאַרף מען ביי אים נישט זוכן קיין באַזונדערע מאָמענטן פון יידישקייט. ער האָט אָבער דערפילט די פיין און דעם עלנט פונעם קינד פון דער וואַרשעווער יידישער אָרעמקייט, דאָס קינד פון דער סמאָטשע און קראָכמאַלנע, און אים האָט ער געווידמעט זיין לעבן.

נישט געקוקט אויף זיין קנאַפּער יידישקייט, האָט קאָרטשאַק געליטן אַלס ייד, און האָט זיך געפילט פאַרבונדן מיטן יידישן כלל. נישט געקוקט דערויף וואָס זיין נאָמען איז שוין וויט אַריבער די גרענעצן פון פוילן, איז ער „פאַרגעסן" געוואָרן פון די פוילישע מלוכה-קרייזן.

מיטן קומען פון נאַציזם צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, אין 1933, איז פאַרגעקומען אין אים אַן איבערברוך. ער האָט מאָראַליש געליטן פון דער פּראָ-נאַצישער פּאָליטיק, וואָס די דעמאָלטיקע פוילישע רעגירונג האָט געפירט.

קאָרטשאַק האָט געזען גאַנץ פּעסימיסטיש דעם מאָרגן פון פוילן. עס הייבט אָן ביי אים רייף ווערן דער געדאַנק אַריבערצופירן דאָס יתומים-הויז קיין ארץ-ישראל. דאָס איז אָבער געווען פאַר אים אַן ערנסטער שריט, וואָס האָט געפאָדערט צוגרייטונג און אויך אַ סך מיטלען.

***

קאָרטשאַק איז נישט געקומען צום קינד דורך אַ צופאַל, דורך אַן אַקצידענט. ווי עס פּאַסירט אָפט מיט מענטשן, וואָס פאַלן

אַריין אומגערן אין אַ געביט, אפילו ווען זיי זיינען אין דעם גע־ביט מצליח און ווייזן אַרויס פעאיקייטן. מיט זיין פולן באַוווסט־זיין האָט קאָרטשאַק זיך אויסגעקליבן דעם וועג פון אַ דערציער, און דער דאָזיקער וועג איז געוואָרן פאַר אים זיין לעבנס־מיסיע.

נאָך פאַרשידענע גלגולים און זוכענישן האָט קאָרטשאַק גע־פונען זיין וועג, זיין גליק, זיין שעפערישן תיקון ביים קינד.

און מיט וויפל ערנסט קאָרטשאַק האָט גענומען אויף זיך די דערציערישע מיסיע. מיט אַ כיוון האָט ער נישט חתונה געהאַט, נישט געוואָלט אויפבויען אַן אייגענע היים, אַ משפחה, נאָר דער־פאַר, ווייל ער איז געווען איבערצייגט, אַז האָבנדיק אייגענע קינ־דער וועט ער נישט קאָנען זיך ווידמענען פרעמדע, מיט דער אי־בערגעגעבנקייט און גאַנצקייט, ווי ער האָט עס געוואָלט.

נאָר בלויז דער געדאַנק האָט אים אָפּגעהאַלטן צו ברענגען אויף דער וועלט אייגענע קינדער, ווייל דאָס וואָלט געווען פאַר אים אַ שטער צו דערפילן געוויסנהאַפט מיט זיינע דערציערישע פליכטן.

דערפאַר זיינען די עלנטע קינדער פון דער וואַרשעווער יידי־שער אָרעמקייט געוואָרן ז יי נ ע קינדער. ער איז געווען זייער גייסטיקער פאָטער, זייער באַשיצער, מאָנער און פאַרזאָרגער.

דאָס איז געווען זיין וועג, דער וועג וואָס האָט אים געגעבן גליק, פרייד, דערהייבונג.

אין איינעם פון זיינע ערשטע ווערק, „דאָס קינד פון סאַלאָן", האָט קאָרטשאַק נאָך מיט יאָרן צוריק פאָרגעפילט, אַז ביז צום לעצטן אָטעם־צוג, בלייבט ער פאַרבונדן מיטן קינד און דאָס קינד וועט זיין פאַר אים די טרייסט, דער קוואַל פון ליכט, וואָס וועט באַלויכטן זיין וועג.

„איך פיל — שרייבט ער — אַז עס קאָנצענטרירן זיך אין מיר אומבאַקאָנטע מיר כוחות, וואָס וועלן זיך אַרויסרייסן צו דער ליכט, און די ליכט וועט מיר לייכטן ביז דעם לעצטן אָטעם־צוג.

איך פיל אין דער טיפעניש פון מיין נשמה, אַז איך וועל דער־גרייכן דעם ציל, אין וועלכן איך וועל געפינען גליק".

***

אַזאַ ריינער און לויטערער אידעאַליזם גייט נישט אויף, גע־דייעט נישט אין אַלע קלימאַטן. דאָס איז זייער אַ דעליקאַטע און זעלטענע פלאַנץ, וואָס נאָר דער איינגעוואָרצלטער יידישער לעבן אין אַמאָליקן פוילן, רייך אין עכטע יידיש־גייסטיקע טראַדיציעס, האָט געקאָנט אַזאַ אַרויסגעבן.

ווו נעמט מען היינט אַזעלכע לויטערע מענטשן, אַזעלכע צדי־קים?

מיט מיין אַרבעט פּרעטענדיר איך נישט צו געבן אַן אויס־שעפּנדיק בילד פון דעם גרויסן לערער, נאָר דערמעגלעכן צו שאַפן זיך כאָטש אַ באַגריף וועגן זיין געדאַנקען־גאַנג, וועגן דעם ווערק און הייליק לעבן זיינעם.

נישט שטענדיק האָב איך געקאָנט אָנגעבן ביי יעדן ציטאַט דעם נאָמען פון קאָרטשאַקס ווערק, וועלכע זיינען כמעט נישט בנמצא אין יידיש. אַ סך פון די ציטאַטן האָב איך רעקאָנסטרואירט לויט מיינע פּערזענלעכע נאָטיצן פון מיינע יאָרן זיין אין קינדער־היים.

***

69 יאָר איז ער אַלט געווען קאָרטשאַק, ווען ער האָט אין איי־נעם פון די לעצטע טעג פון דעם פינצטערן יאָר 1942 געשפּאַנט בראש פון זיין קינדער־מחנה — אויף זיין לעצטן וועג.

זאָל ער זיין פאַר אונדז אַ ליכטיקער ביישפּיל פון געלייטערטן אידעאַליזם און אַ מאָנונג צו פאַרשענערן, דערהייבן אונדזער לעבן.

I

ה
אַנוש קאָרטשאַק — זיין אמתער נאָמען איז געווען ד״ר הענריק גאָלד־שמידט — איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע ביי באַלעבאַטיש־פאַר־מעגלעכע עלטערן, האַלב־אַסימילירטע יידן. זיי האָבן געוווינט אין אַ נישט־יידישער געגנט פון וואַרשע, אויף נאָווי שוויאַט. ער האָט באַקומען אַן אויפמערקזאַמע דערציאונג. די עלטערן האָבן אים געהיטן ער זאָל נישט קומען אין קאָנטאַקט מיט די שכנישע קינדער פון גאַס. דער קליינער הענ־ריק האָט גאַנץ פרי אַרויסגעוויזן אַ סענסיביליטעט און פאַרחלומטקייט.

אין גימנאַזיע האָט ער נישט אַרויסגעוויזן קיין באַזונדערן פלייס און פעאיקייטן. אנשטאט מאַכן די לעקציעס, פלעגט ער בעסער לייענען. ער האָט אָפט אַהיימגעבראַכט שלעכטע קלאַסיפיקאַציעס, וואָס האָבן פאַר־שאַפט צער די עלטערן. קאָרטשאַק האָט זיך נישט געקאָנט אַריינפּאַסן, ווי די אַנדערע שילער אין דעם רעזשים פון דיסציפלין און פאָדערונגען פון לערער, און ער האָט זיי פיינט באַקומען. אויך די עלטערן זיינען זיינען אים געוואָרן פרעמד און דערווידער. ער פאַרבלייבט שעהן לאַנג אין זיין צי־מער און פלעגט זיך ווינציק באַטייליקן אין דעם לעבן פון זייער היים. עס קומען געסט, קרובים, אָבער הענריק מיידט זיי אויס און קאָן זיי נישט פאַרטראָגן.

הענריק האָט געשלונגען ביכער. ער לייענט ביים עסן, ליגנדיק אין בעט און זיצנדיק אין באָדצימער. אַלע מיטלען וואָס די עלטערן האָבן דער־צו אָנגענומען, האָבן נישט געהאָלפן. ער לייענט די ערנסטע ווערק פון דער

---

*) די שטריכן פון ד״ר קאָרטשאַקס לעבן זיינען געשריבן לויט דעם ביאָגראַפישן ראָמאַן פון פּאַולינא אַפּענשלאַק, „הדוקטור נשאר״ און לויט די שריפטן פון לעבנ־געבליבענע פון וואַרשעווער געטאָ.

וועלט ליטעראַטור און מיט באַזונדער פאַרליבטקייט לייענט ער די קלאַסי־קער פון דער פוילישער ליטעראַטור.

הענריק איז געווען איינער פון אַ גרופּע חברים, וועלכע האָבן גע־בילדעט אַ גרופּע מיטן נאָמען „פרייער געדאַנק". זיי פלעגן זיך צוזאַמענ־קומען ביי איינעם פון זיי, אין דער היים. דאָ פלעגן זיי רויכערן, אויך טרינקען, אויפפירן זיך מעשה „הפקר יונגען".

אויף די געהיימע צוזאַמענקנופטן האָבן זיי אויך געפירט הייסע דיס־קוסיעס וועגן דער אויפגאַבע פון דער יוגנט. די דיסקוסיעס זיינען היציקע. איינער לאָזט דעם אַנדערן נישט פאַרענדיקן זיינע רייד. הענריק באַטיי־ליקט זיך וויניציק אין די דיסקוסיעס, ער הערט נאָר, אָבער ער בלייבט נישט גלייכגילטיק צו די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען. פאַראַן געדאַנקען, וואָס ברענגען אים אַרויס פון די כלים. עס ווערן דעבאַטירט אַרבעטער־פראַגן, סאָציאַליזם, נאַציאָנאַליזם.

די סאָציאַליסטישע לאָזונגען און אידעאַלן פאַרכאַפּן הענריקן. ער חלומט צו לייענען מאַרקס „קאַפּיטאַל". זיין געדאַנק איז כסדר פאַרנומען מיט דער צוקונפט. אַמאָל האָט ער געחלומט צו זיין אַן אַדוואָקאַט און פאַרטיידיקן אומשולדיקע מענטשן. ער האָט זיך אויך אינטערעסירט מיט וויסנשאַפט, מיט געשיכטע, מיט אַנטראָפּאָלאָגיע. באַהאַלטענערהייט האָט ער אויך געמאַכט פּרוּוון צו שרייבן לידער.

ער האָט אַ חוש פאַר קינדער. ער פאַרשרייבט אין זיין טאָג־בוך: „איך האָב נאָך נישט קיין קינדער, אָבער איך האָב זיי שוין ליב. איך פיל צו זיי אַ געפיל פון ליבשאַפט".

הענריק האָט זיך געפילט איינזאַם. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, גע־פילט דעם זאָג, אַז „קינדער זיינען יתומים אין די היימען פון זייערע עלטערן".

הענריק האָט שוין פאַרענדיקט די גימנאַזיע, און ערשט איצט איז ער געשטעלט געוואָרן פאַר דער שווערער פּראָבלעם, זיך אויסצוקלייבן אַ וועג, אַ ריכטונג אין לעבן. די מערסטע פון די גאַנגבאַרע פּראָפעסיעס

זיינען אים נישט צום הארצן. ער האט יא געחלומט צו ווערן א גרויסער שרייבער.

אויף דער צודרינגלעכקייט פון פאטער האט ער זיך פארשריבן אין מעדיציניש פאקולטעט. ער איז געגאנגען צו די לעקציעס אן חשק. אין דעם פראסעקטאריום, אנשטאט צו פראקטיצירן איבער די טויטע קערפערס, בלייבט ער שטיין פארטראכט. מיט באזונדער אויפמערקזאמקייט קוקט ער זיך איין אין די טויטע קינדערשע קערפערס. שעהן לאנג בלייבט ער שטיין איבער אזא טויט קינד, ארייננעטון אין מחשבות.

די מעדיצין האט אים דערווייטערט פון זיינע ליטעראַרישע פרוון. ער האט פארלוירן א סך צייט אויף באקענען זיך מיטן מענטשנס גוף, אבער אים האט מער געצויגן צו וויסן עפעס וועגן מענטשנס נשמה, נישט ווי צו היילן זי, נאר ווי זיך אומצוגיין מיט איר. באקענען זיך מיטן מענטשנס געפיל, אנשטאט מיט זיין פלייש, מיט זיין כאראקטער, אנשטאט מיט דיביינער זיינע — דאס איז געווען זיין שטרעבונג.

מיט דער צושטימונג פון זיין פאטער, פארט הענריק אוועק אין דער שווייץ שטודירן. 22 יאר איז ער דעמאלט אלט, ווען ער טרעפט זיך מיט דער נייער אייגנארטיקער וועלט פון סטודענטישער יוגנט. די געשפרעכן און דיסקוסיעס זייערע דרייען זיך אלץ ארום דער טעמע: ווי אזוי ענדערן, צורעכט מאכן די וועלט. ער איז ממש גליקלעך אין דער נייער סביבה.

הענריק זוכט זיך אויס אין ציריך א צימער ערגעץ הינטער דער שטאט, ביי אן אלמנה פון א באן־ארבעטער. דא איז ער שעהן לאנג מיט זיך און מיט דער שיינקייט פון דער נאטור. צוזאמען מיט אנדערע סטודענטן מאכן זיי אויספלוגן אין די ארומיקע בערג. אין דער הויך פון די אלפן־בערג דעקלאמירן זיי די פערזן פון סלאוואצקין, פושקין און הייגע.

דא באקענט זיך קארטשאק מיט דער סטודענטן סטעפא ווילטשינסקא, א רייכע טאכטער פון די ווארשעווער יחוסדיקע יידישע משפחות. זי, ווילטשינסקא, בלייבט דערנאך אויפן גאנצן לעבן זיין געטרייע מיטארבעטערן און צוזאמען מיט איר בויט ער אויף דאס יתומים־

הויז אויף קראָכמאַלנע 92, וואָס איז פאַרבליבן זיין לעבנס־ווערק. אונ־טער דער ווירקונג פון פריילן סטעפא באַזוכט קאָרטשאַק די פעדאַגאָגישע לעקציעס אויפן אוניווערסיטעט.

ער מיט סטעפאַן טיילן זיך מיט זייערע איינדרוקן און בענקענישן נאָך זייער היימשטאָט וואַרשע. זיי שמועסן אַ סך וועגן דער נויט און אָרעמקייט פון דער יידישער וואַרשע, וועגן דעם מצב פון יידישן קינד און זיין גורל, און זיי טראַכטן ווי אַזוי צו העלפן זיי.

מען רעדט און מען שרייבט דעמאָלט אַ סך וועגן דעם נייעם דער־ציאונגס־מעטאָד פון דער איטאַליענישער מעדיקערן, מאַנטעסאָרי. די יונגע סטודענטן אינטערעסירן זיך זייער מיט די נייע מעטאָדן, וועלכע אונטערשיידן זיך פון פרעבעלס סיסטעם.

מאָנטעסאָרי פּראָקלאַמירט ווי אַן עיקר די פרייהייט פונעם קינד אין דער דערציאונג, ווי אַ מיטל צו מאַכן דעם מענטשן זעלבסטשטענדיק און פריי. בשעת פרעבל הייסט פירן דאָס קינד צו אַ באַשטימטער ריכטונג, האַלט מאנטעסאָרי אַז מען דאַרף נאָכגיין דעם קינד און זען צו וואָס און וווהין עס פירן אים זיינע אייגענע באַוועגונגען און שעפערישע פעאי־קייטן.

הגם קאָרטשאַק נעמט אויף קריטיש די מעטאָדן, האָבן זיי אָבער אויף אים אַ שטאַרקע ווירקונג. נאָך אַזעלכע לעקציעס פלעגט ער זאָגן: אין פאַרגלייך מיט די מעטאָדן, געפינען מיר זיך ערשט מיט אונדזער דערציאונג אין דער תקופה פון שטיין.

נאָך דריי חדשים פאַרלאָזט קאָרטשאַק ציריך און פאָרט קיין ווין. זיין אומרו ברענגט אים דערנאָך אין אַ יאָר אַרום צוריק אַהיים, קיין וואַרשע. ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט געפינען קיין אָרט און זיך אַריינפּאַסן אין דעם באַלעבאַטישן לעבן פון אַ פאַרמעגלעכער, פרידלע־כער היים. ער איז געווען מעלאַנכאָליש, ער פלעגט זיך פאַרמאַכן ביי זיך אין צימער אויף לאַנגע שעהן. די עלטערן האָבן געליטן פון זיין אויפפירונג.

קאָרטשאַק באַשליסט צו ווערן זעלבשטענדיק, ער וויל פאַרדינען

אויף זיין אויסקומעניש. פאַרלאָזט ער זיין פאָטערס הויז און נעמט אָן אַ פּאָסטן אַלס לערער ביי אַ פאַרמעגלעכער פאַמיליע. ווען ער הערט אַמאָל ווי אַ צווייטע אָרעמע פאַמיליע באַקלאָגט זיך, אַז זיי האָבן נישט די מעגלעכקייט צו לערנען זייערע קינדער, נאָר דערפאַר ווייל זיי זיינען אָרעם, אָפּרעסירט זיך קאָרטשאַק אַז ער וועט לערנען זייערע קינדער, און ער ציט זיך אַריבער צו זיי.

דאָס איז געווען אַן עקסטרעם אָרעמע פּוילישע פאַמיליע, וועלכע האָט געוווינט אין דער געגנט פון אַלט־וואַרשע, ביין נפשות צוזאַמען אין אַ צימער.

דאָ איז קאָרטשאַק געקומען אין קאָנטאַקט מיט דעם סאַמע אָרעמסטן שיכט פון דער וואַרשעווער באַפעלקערונג. ער האָט דאָ געלעבט צוזאַמען מיט זיי. דאָס איז נישט געווען דער רוף צו גיין צווישן פאָלק און העלפן אים, וואָס איז דעמאָלט געווען אין דער מאָדע אין רייכע וואַרשעווער היימען, און האָט געטראָגן אַ פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער. פאַרשפרייטן וויסן צווישן די אָרעמע, און דערנאָך זיך אומקערן אין דער רייכער היים און אַלץ פאַרגעסן.

קאָרטשאַק האָט זיך אידענטיפיצירט מיט די אָרעמע מענטשן, געזוכט צו באַקענען זיך מיט זייער נויט און זאָרגן, כדי צו קאָנען ווידער אַריינבליקן אין זייער לעבן. ער האָט זיך אינטים באַפריינדעט מיט די מענטשן, צוזאַמען מיט זיי געזעסן און געטרונקען אין שענק.

גיך איז קאָרטשאַק באַקאַנט געוואָרן אין דער געגנט, ווי אַ פריינט פון קינדער. די קינדער פון דער געגנט פלעגן קומען צו אים און ער האָט זיי מכבד געווען מיט צוקערלעך און זיי דערציילט מעשיות. און נישט נאָר קינדער, אויך דערוואקסענע זיינען געקומען צו אים, זיך פאַר אים פאַרטרויען, אים בעטן אַן עצה און אויך הילף.

די איבערלעבונגען און דערפאַרונגען פון דעם לעבנסשטייגער האָבן באַקומען זייער שעפערישן תיקון אין די „גאַסן־קינדער״, וואָס ער האָט שפּעטער אָנגעשריבן.

דעם פאָטערס קרענק און טויט ברענגט אים צוריק אַהיים. זיין צו־

געבונדנקייט צו דער מוטער און פליכט פאַר איר עקזיסטענץ, צווינגען אים צו ענדערן זיין לעבן. ער פאַרענדיקט דעם מעדיציניש פאַקולטעט און ער הייבט אָן זיין פּראַקטיק.

צו דער זעלבער צייט ווערט דער נאָמען קאָרטשאַק פּאָפּולער אין דער ליטעראַרישער וועלט. דער אָנגעזעענער פאַרלעגער יאַקאָב מאָרדקאָ־וויטש לייגט אים פאָר אַרויסצוגעבן זיינע ווערק. עס דערשיינט איינגיכן אין דעם פאַרלאַג „דאָס קינד פון סאַלאָן״, אין וועלכן קאָרטשאַק שיל־דערט זיין אַנטלויפן פון דער היים און באַקענען זיך מיט דער וואַרשע־ווער אָרעמקייט. דאָס בוך ווערט זייער גוט אויפגענומען פון דער קרי־טיק און פון לייענער.

קאָרטשאַק פּראַקטיצירט אין דעם קליינעם יידישן קינדער־שפּיטאָל אויף שליסקאַ, אָבער צוליב זיין ספּעציעלער באַציאונג און פאַרשטענ־דעניש וואָס ער ווייזט אַרויס צו די יונגע חולאים, קומט ער אין קאָנ־פליקט מיט די קראַנקנשוועסטער און מיטן דירעקטאָר. צוליב די סבות מוז ער פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל.

קאָרטשאַק ווערט מאָביליזירט אין דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, און ער קומט צוריק פון מאַנדזשוריע אַ באַרייכערטער מיט איינדרוקן און דערפאַרונגען. ער באַגעגנט זיך דאָרט מיט פאַרשיקטע פון וואַרשע, דורך דער צאַרישער מאַכט, וועלכע האָבן דאָרט זייער גאַנץ לעבן גע־בענקט. מיט אַ פאַרטאָפּלטן ענטוזיאַזם און מיט אַ גלויבן אין דער צו־קונפט, קערט ער זיך אום צו זיין אַרבעט.

ווידער גייט ער אָן מיט זיין מעדיצינישער פּראַקטיק, אָבער ער נעמט כמעט קיין געלט נישט ביי זיינע פּאַציענטן. ער גיט זיי נאָך, די מאַמעס, רפואות פאַר זייערע קינדער און צומאָל אויך אייניקע מטבעות אויף מילך.

קאָרטשאַק פאַרברענגט אַ זומער צוזאַמען מיט פּוילישע קינדער אויף אַ זומער־קאָלאָניע, אַלס דאָקטער. דער דירעקטער קאָנטאַקט מיט קינדער האָט אים אַ סך געלערנט. ווי אַ רעזולטאַט פון דער דערפאַרונג

שאפט ער שפעטער זיינע זייער פאפולערע ביכער „יאסקי, מאשקי, סרול־קי" און „יאשקי, יאנקי, פראנקי".

די טאג־ביכער, וואס שילדערן מיט א סך חן און טיפער פסיכא־לאגישער פארשטענדעניש דאס לעבן פון קינד — זיינען געווארן די פא־פולערסטע ביכער אין פוילן, ביי פוילישע און יידישע קינדערלעך.

זוכנדיק כסדר דעם קאנטאקט מיטן קינד און יוגנט, באפריינדעט זיך קארטשאק מיט ייִנגלעך פון גאס און זיי ווערן זיינע חברים. ער טרעפט זיך מיט זיי אין די קאוויארניעס, און זיי דערציילן אים וועגן זייער לעבן אין ארעמקייט, וועגן זייערע שלעכטע שטיף־מוטערס. קאר־טשאק באמיט זיך זיי צו העלפן, מוטיקן זיי. ער טרינקט און עסט מיט זיי צוזאמען. נאך דער באגעגעניש מיט זיי, זעצט ער זיך ביים שרייבטיש און פארצייכנט די אלע עוולות, וואס די דערוואקסענע באגייען לגבי די קינדער. קארטשאק גרייט צו זיין באשולדיקונג אויף דער געזעלשאפט.

צו דער זעלבער צייט גיט ער זיך חשבון, אז די באשולדיקונג בלויז איז ווייניק. עס מוז געטון ווערן עפעס ממשותדיקס גוט צו מאכן די עוולות און זיי פארמיידן אויף ווייטער. ווי אזוי? קארטשאק טראכט וועגן דער אנגעווייטיקטער פראבלעם, און אין געדאנק ווערט ביי אים רייף א דערציאונג־סיסטעם, א צוגאנג צום קינד, פאר וועלכן ער וועט שפע־טער דארפן קעמפן, און וועלכן ער ווידמעט די ווייטערדיקע יארן פון זיין לעבן.

## II

דער צופאל האט ווידער צונויפגעפירט קארטשאקן מיט פריילן סטעפא ווילטשינסקא. נאכן צוריקקומען פון דער שווייץ, ווו זי האט דורכגעמאכט א פעדאגאגישן פאקולטעט, האט זי זיך געווידמעט די קינדער פון ווארשעווער יידישער ארימקייט.

מיט אירע אייגענע מיטלען האט זי געדונגען צוויי צימערן אויף פראנצישקאנער גאס און איינגעארדנט דארט א היים פאר ברעקלעך

קינדער. סטעפא ווילטשינסקא, אַ רייכע טאָכטער פון דער היים, האָט זי נישט געקאָנט בלייבן גלייכגילטיק קעגנאיבער דער אָרעמקייט און נויט פון די יידישע קינדער פון איר געגנט. אַליין, מיט דער מיטהילף פון אַ יונגער מיידל, האָט זי אויפגענומען און באַדינט די קינדער, געשפּילט זיך מיט זיי, געגעבן זיי עסן, געהיילט זיי, געוואַשן, געלערנט. זי האָט באַקומען אַ געוויסע סובסידיע פון דער קהילה און פון פאַרמעגלע־כע יידן.

קאָרטשאַק הייבט אָן צו אַרבעטן צוזאַמען מיט פריילן וויל־טשינסקא אין דער קינדער־היים, אַלס מעדיקער. ער איז שוין דעמאָלט געווען באַרימט דורך זיינע אַרויסגעגעבענע ביכער, מיט זיינע אָריגינע־לע געדאַנקען און טיפער פאַרשטענדעניש פאַרן קינד. אַ זעלטענע ליב־שאַפט און חברישקייט ווייזט ער אַרויס צו די ברעקלעך קינדער און ער געווינט זייער צוטרוי. צוזאַמען מיט זיי זיצט ער אויפן דיל און שפּילט זיך מיט זיי. די קינדער בלייבן דאָרט אַ גאַנצן טאָג אין דער קינדער־היים, און פאַרנאַכט גייען זיי אַהיים. קאָרטשאַק מיט פריילן ווילטשינסקא באַזוכן דערנאָך אין די פרייע שעהן די היימען פון די קינדער, צו באַ־קענען זיך מיט דער סביבה און עלטערן זייערע.

באַלד האָבן זיי זיך אַרומגעזען אַז די קינדער־היים איז נישט גע־נוג ווירקזאַם, אַז דאָס איז מער נישט ווי אַ טראָפּן אין דעם ים פון אָרעמקייט. האָבן זיי איינגעאָרדנט מיט די קינדער אויספלוגן אויף דער פרייער לופט אַרויס, הינטער וואַרשע. קאָרטשאַק חלומט פון באַהעפטן דאָס קינד מיט דער נאַטור, עס באַקענען מיטן פעלד און וואַלד.

אַ זעלטענע ליבשאַפט ווייזט קאָרטשאַק אַרויס צום קינד. אויך ריי־כע קינדער נעמען זיי מיט אין די אויספלוגן. זיין נאָמען ווערט באַקאַנט אין וואַרשע ווי דער „טשיקאַווער דאָקטער". פון רייכע יידישע פאַ־מיליעס ווענדט מען זיך צו אים, ער זאָל זיי עצהנען וואָס צו טון מיט זייערע קאַפּריזנע, קרענקלעכע קינדער.

ביי דער גאַנצער פּאָפּולאַריטעט אָבער, מאַכט זיך אָפטמאָל ווען

קאָרטשאַק האָט נישט אויף קיין טראַמוויי־בילעט און ער האָט נישט וואָס צו געבן זיין מוטער אויסצוהאַלטן די היים.

צוזאַמען מיט דערווילטשינסקא באַווייזט ער צו פּאַראינטערע־סירן אַ גרופּע רייכע אַסימילירטע יידן וועגן אויפבויען אַ קינדער־הויז. זיין אַרגומענט פאַר די רייכע איז: אויב עס וועלן אויסוואַקסן קינדער אין אַזאַ שווערער נויט און מיט אַזעלכע שווערע עוולות, וועלן זיי שפּעטער באַאומרואיקן די געזעלשאַפט.

מיטן גאַנצן באַוווסטזיין און ערנסט גרייט ער זיך דערוויל צו דער מיסיע — צו ווידמענען זיין לעבן די קינדער און זיי אַלץ אַוועקגעבן.

דעם 15טן אַפּריל 1912 ווערט געלייגט דער גרונטשטיין פאַר דעם יתומים־הויז אויף קראָכמאַלנע 92.

קאָרטשאַק פאָרט דאַן אַוועק אין אַ רייזע איבער דער שווייץ, איטאַליע, האָלאַנד, דענעמאַרק — צו באַקענען זיך מיטן געבוי און סדר פון די דאָרטיקע היימען פאַר יתומים. ער קומט צוריק פון דער רייזע אַנטוישט. אומעטום האָט ער געטראָפן די רוטינערע באַציאונג צום קינד. די יתומים־היימען זיינען ענלעך צו תפיסות, אָן אַ ברעקל פאַרשטענדעניש פאַרן קינד, נאָר מיט אַ שווערער און באַלעסטיקנדיקער דיסציפּלין.

צוזאַמען מיט סטעפאַן האָט ער פּלאַנירט די יתומים־היים און אָנגעצייכנט ווי עס זאָל אויסזען די היים ביז דעם קלענסטן פּרט. אין דעם פּלאַן איז אויך געווען פאָראויסגעזען, אַז ביי דער זייט פון די שלאָף־זאַלן פאַר די יינגלעך און מיידלעך, זאָל אויך זיין אַ צימער פאַר יעדן איינעם פון זיי, כדי צו קאָנען פון דאָרטן קאָנטראָלירן די קינדער. קאָרטשאַק ווי ווילטשינסקא האָבן מיט דעם פולן באַוווסטזיין זיך אָפּגעזאָגט צו פירן אַן אייגן פאַמיליע־לעבן, צו האָבן אייגענע קינדער, כדי אַזוי אַרום מיט מער האַרץ און גאַנצקייט זיך קאָנען ווידמענען פרעמדע קינדער.

אין 1914 איז פייערלעך באַנייט געוואָרן די קינדער־היים, וועלכע האָט גלייך באַקומען פּרעסטיזש, ווייל קאָרטשאַקס נאָמען ווי אַ קענער פון קינד, איז שוין ברייט באַקאַנט געווען.

דאָס יתומים־הויז איז שוין געווען אויסגעבויט, עס האָט אָבער גע־פעלט עס אויסצובויען אויך אינערלעך, איינשטעלן דעם סדר און באַ־שאַפן די זעלבסטפאַרוואַלטונג פון קינדער, וועלכע האָבן מיט דער ווונ־דערלעכער היים פאַרוואַלטעט. דאָס איז ווירקלעך געווען אַ רעפּובליק פון קינדער. ביסלעכווייז, לייגנדיק אַ ציגל אויף אַ ציגל איז אַלץ אויסגע־בויט געוואָרן, מיט געדולד, מיט ליבשאַפט און גרענעצלאָזן אידעאַליזם.

אין דער סאַמע מיט פון דער שעפערישער אַרבעט איז קאָרטשאַק מאָביליזירט געוואָרן, צו באַטייליקן זיך אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין דער צייט פון זיין אָפּוועזנהייט — 4 יאָר האָט ער געפעלט — האָט די גאַנצע לאַסט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער היים און די קינ־דער געטראָגן פריילן ווילטשינסקאַ. אָבער אפילו אין די יאָרן וואָס ער האָט געפעלט, איז אָבער זיין גייסט, זיין אָטעם דאָרט געווען.

נאָך דער מלחמה קומט קאָרטשאַק צוריק. ער איז אַריינגעקומען נאָך די אַלע יאָרן פעלן מיט אַזאַ נאַטירלעכקייט, גלייך ער זאָל קומען פון גאַס ערגעץ. די קינדער און דאָס גאַנצע הויז האָט אים אויפגענומען מיט פרייד און ענטוזיאַזם. קאָרטשאַק ווערט פון דעם אַלעם אָבער נישט אי־בערגעראַשט. ער, דער קענער פון קינד, ווייס גוט, אַז ווען עס זאָלן זיך פּלוצים באַווייזן דאָ אין זאַל ווייסע מייזלעך, וואָלט דער ענטוזיאַזם פון די קינדער געווען נאָך פיל גרעסער...

און באַלד האָט זיך קאָרטשאַק געשטעלט צו דער אַרבעט, אין זיין כאַראַקטעריסטישן גרינעם כאַלאַט, אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען.

מיט אַ באַנייטן ענטוזיאַזם האָט קאָרטשאַק איצט פאָרגעזעצט זיין אַרבעט. ער האָט געשאַפן די זומער־קאָלאָניע אין גאָצלאַוועק, וווּ די קינ־דער פון יתומים־הויז און נאָך אַנדערע, האָבן דאָ פאַרבראַכט די זומער חדשים אויף דער פרייער לופט, אין אַ געזונטער געגענט, אַרומגערינגלט פון וועלדער. אין דער תקופה האָט ער אויך פאַרפעסטיקט דעם אינער־לעכן סדר פון הויז, פערפעקציאָנירט און איינגעפירט פאַרשידענע בייעסן.

די יאָרן צווישן די ביידע וועלט־מלחמות זיינען געווען די פרוכט־באַרסטע און שעפערישסטע אין זיין לעבן. קאָרטשאַקס נאָמען איז באַ־

רימט געוואָרן איבער גאַנץ פוילן, אין קאַפע, אין אוניווערזיטעט, אין די רעגירונגס־קרייזן, אין טעאַטער, אין די פריוואַטע צוזאַמענקונפטן — האָט מען גערעדט וועגן דער פרייער רעפובליק פאַר קינדער, וואָס קאָר־טשאַק האָט געשאַפן אויף קראָכמאַלנע 92. מיט פאַרערונג און באַוווּנ־דערונג האָט מען גערעדט וועגן זיין אידעאַליסטישער אַרבעט.

פונדעסטוועגן זיינען געווען אויך געגנער אַזעלכע, וועלכע האָבן אים נישט פאַרשטאַנען און געקוקט אויף אים ווי אויף אַ בטלן. און וואָס וועט שוין זיין, אַז קינדער וועלן האָבן פולע פרייהייט, גלייכבאַרעכטיקט מיט די גרויסע? — האָבן זיי מיט ביטול געפרעגט.

קאָרטשאַק ווערט איינגעלאַדן דורך מאַרשאַל פילסודסקי, וועלכער איז געשטאַנען אין די 20־ער יאָרן ביים רודער פון דער פוילישער מלוכה, און צוזאַמען מיט זיין פרוי האָט ער אים פאָרגעשלאָגן איבערצונעמען די אָנפירונג פון אַ גרויסן יתומים הויז אין פרושקאָוו. קאָרטשאַק האָט אָבער נישט געוואָלט פאַרלאָזן קראָכמאַלנע 92. ער איז אָבער יאָ איינגעגאַנגען מיטצואַרבעטן און טיילן זיך מיט זיין דערפאַרונג. ער פלעגט אָפט קומען אין בעלוועדער, ווו ער האָט צוזאַמען מיט די פילסודסקיס אָנגעצייכנט די פּלענער פון דעם נייעם הויז פאַר יתומים, און שפעטער, ווען דאָס הויז איז שוין אויסגעבויט געוואָרן, פלעגט ער צוויי מאָל אין דער וואָך אַרויספאָרן קיין פרושקאָוו און אָריענטירן אין דער אָנפירונג פון דער היים.

מיט דער זעלבער ליבשאַפט האָט ער זיך דאָ געווידמעט די נישט־יידישע קינדער. אַ קינד איז פאַר אים געווען אַ קינד. דאָך איז קראָכמאַל־נע 92 פאַרבליבן זיין אינטימע היים, זיין לעבנס־ווערק. די יידישע קינ־דער זיינען אים געווען נענטער, ווייל זיי זיינען געווען די מער באַ־עוולהטע.

די לאַגע אין פוילן פאַר יידן איז דעמאָלט געוואָרן ערגער. די אָרעמ־קייט צווישן יידן איז געוואקסן מיט יעדן טאָג. עס זיינען פאָרגעקומען אָפטע עקסצעסן און פּראָצעסן קעגן יידן. יידישע סטודענטן זיינען גע־שלאָגן געוואָרן יעדן טאָג און זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די אוני־

וועראיטעטן. פוילן איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון דער היטלעריסטישער דייטשלאַנד.

קאָרטשאַק האָט געזען ווי וואָלקנס פון שנאה קלייבן זיך איבער דעם האָריזאָנט פון פּוילישן יידנטום, ער איז אָבער ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיין אַרבעט פון איבערבויען די מענטשהייט. די קינדער זיינע, די דערצויגענע אין בית־יתומים, וועלן צעטראָגן זיין סיסטעם איבער דער גאַנצער וועלט. קאָרטשאַק האָט געגלויבט אין דעם מענטשן און אין דער צוקונפט פון דער מענטשהייט.

קאָרטשאַק ווערט איינגעלאַדן פון דער פּאָפּולערער פּויליש־יידישער צייטונג „נאַש פּשעגלאָנד״, איינצופירן אַ ביילאַגע פאַר קינדער. דאָס איז געווען פאַר אים אַ גרויסע פריידיקע געשעעניש. ער באַקומט איצט די מעגלעכקייט צו שאַפן אַ טריבונע פאַרן קינד, ווו ער זאָל קאָנען קו־מען צום אויסדרוק. מיט פאַרנעם שטעלט ער איין די וועכנטלעכע אויס־גאַבע, וואָס פאַרנעמט פיר פולע זייטן. אַן אויסגאַבע ווו די מיטאַרבע־טער זיינען געווען דורכאויס קינדער, פון פאַרשידענעם עלטער. צוויי צי־מערן האָט פאַרנומען די רעדאַקציע.

אַ סך צייט און ענערגיע האָט די דאָזיקע אַרבעט אים איינגעשלונ־גען. דער אָפּרוף פון די קינדער איז געווען אויסערגעוויינלעך. פיל טויזנ־טער בריוו פלעגן אָנקומען פון גאַנץ פוילן. יעדע מיטאַרבעט האָט געמוזט געלייענט ווערן און דעם מחבר ענטפערן און אָנווייזן אים אויף עפּעס.

קאָרטשאַק האָט איינגעפירט דעם פּרינציפּ, אַז די מיטאַרבעט פון די קינדער דאַרף באַצאָלט ווערן, און ער פלעגט פאַרווענדן די גרעסטע טייל פון זיין האָנאָראַר אויף באַצאָלן די יונגע מיטאַרבעטער, אָדער דערמעג־לעכן די באַדערפטיקע, צו קאָנען זיך איינקויפן אַ פּאָר לייטישע שיך. דער „מאַלי פּשעגלאָנד״ פלעגט אויפגענומען ווערן מיט באַגייסטערונג פון די קינדער און איז אויך פאַר די דערוואַקסענע געווען אַ סענסאַציע.

נישט מיט קיין קלענערער באַגייסטערונג זיינען אויפגענומען גע־וואָרן דורך די קינדער קאָרטשאַקס שמועסן דורך דער ראַדיאָ, אָרגאַני־זירט דורך דער וואַרשעווער ראַדיאָ סטאַנציע. מיליאָנען קינדער האָבן

מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם געהערט די שמועסן פונעם „אַלטן דאָקטער".
דאָס איז געווען אַ הומאָרפולער, גייסטרייכער פעליעטאָן, מיט קאָר־
טשאַקס אייגנאַרטיקן חן.

און נישט געקוקט אויף זיין פּאָפּולערקייט און פאַרנומענקייט ביי די פאַרשיידענע אַרבעטן, האָט ער קיינמאָל נישט פאַרנאַכלעסיקט זיינע פליכטן אין יתומים־הויז, און ער פלעגט טון אַפילו פיזישע אַרבעט. כאַ־ראַקטעריסטיש, אַז ער אַליין פלעגט וואַשן די קינדער די קעפּ און צוואָגן זיי אין באָד. ער האָט די אַרבעט קיינעם נישט געוואָלט אָפּטרעטן. ס'איז שווער אָפּצוטיילן — האָט ער געזאָגט — צווישן דער פונקציע פון אַ דערציער פאַר דער נשמה און פאַרן גוף פון קינד, צווישן פּעדאַגאָג און דאָקטער.

ער איזווירקלעך געווען זייער פאָטער, און ווי אַ געטרייער פאָטער האָט ער ניט מסיח־דעת געווען פון זיינע פליכטן. זעקס אַזייגער אינ־דערפרי האָט ער אָנגעהויבן זיין אַרבעטס־טאָג, וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרענדיקט.

די לאַגע פאַר יידן אין פוילן ווערט וואָס אַמאָל ערגער. אַ סך פון דער יוגנט פאָרט קיין ארץ ישראל. אויך אַ צאָל קינדער דערוואַקסענע פון בית־יתומים פאָרן אַהין. זייערע ענטוזיאַסטישע בריוו בלייבן נישט אָן אַ ווירקונג, און קאָרטשאַק הייבט אָן ערנסט צו טראַכטן וועגן אַרי־בערפירן די היים קיין ארץ ישראל.

אין 1936 באַזוכט ער ארץ־ישראל. 20 טעג איז ער פאַרבליבן א־ין עין חרוד. ער איז באַגייסטערט פון דעם אַלעם וואָס ער האָט דאָרט גע־זען, און גאָר באַזונדער פון דער באַציאונג און פאַרשטענדעניש צום קינד, וואָס ער האָט דאָרט געטראָפן. ער האָט דאָרט געטראָפן אַ פּרעב־ליסטן וואָס האָט מיט יאָרן צוריק געאַרבעט ביי אים אין בית־יתומים.

דעם שטאַרקסטן איינדרוק האָבן געמאַכט אויף אים די קבוצים. ער האָט נישט געהאַט גענוג לויב־ווערטער און באַוווּנדערונג פאַר דעם גרויסן סאָציאַלן עקספּערימענט, וואָס באַשאַפט אַ נייעם טיפּ יידן, מיט אַ גאַנץ נייער מענטאַליטעט. אַ באַגייסטערטער קומט קאָרטשאַק צוריק קיין פוילן

מיט דער דעה צו פאַרװירקלעכן זײַן פּלאַן. ער שרעקט זיך נאָר פאַר די שפּראַכלעכע שװעריקײטן.

„איך פיל — דריקט ער זיך אויס אין די בריװ צו זײַנע באַקאַנטע אין ארץ־ישראל — אַז אַ װאַנט טײלט מיך אָפּ פון די קינדער דאָרט. איך קאָן מיט זײ נישט רעדן. אָ, װען איך זאָל יונגער זײַן כאָטש מיט אַ 20 יאָר, װאָלט עס גאָר קײן פראַגע נישט געװען פאַר מיר".

דער שטורעם פון דער צװײטער װעלט־מלחמה האָט אים בלאָקירט אין זײַן װאַרשע און געמאַכט אַ סוף צו אַלע זײַנע פּלענער.

***

עס זײַנען די יאָרן פאַר דער צװײטער װעלט־מלחמה. די לאַגע אין פּוילן איז געװאָרן קריטיש. די ערד האָט געברענט אונטער די פיס. קאָר־טשאַק האָט ערנסט געטראַכט װעגן ארץ־ישראל. אַ גרויסער טײל דער־צויגענע אין יתומים הויז זײַנען אַװעק אַהין. דאָס אַריבערפירן דאָס הויז האָט געפאָדערט באַדײַטנדיקע מיטלען, װעלכע ער האָט נישט געהאַט.

די שטײַגנדע נויט, די אָפטע שנאה־אויסברוכן צו ייִדן, די פּאָגראָ־מען — האָבן קאָרטשאַקן פאַרביטערט דאָס לעבן. דאָס זײַנען געװען פײַנפולע יאָרן פאַר אים. װאָס זאָל ער טון מיט זיך, מיט די קינדער? ס'איז אוממעגלעך די קינדער אַרויסצונעמען אויף אַ שפּאַציר הינטער דער שטאָט. די פּוילישע קינדער װאַרפן אויף זײ שטײנער, און אײגיקע קומען צוריק מיט צעבלוטיקטע קעפּ. זאָל ער עמיגרירן, אַנטלויפן אַזוי אָ?...

אין אַ בריװ קײן ארץ־ישראל אין די טעג שרײַבט ער:

„...די פּראָבלעם פון מענטש — זײַן פאַרגאַנגענהײט און צוקונפט אויף דער ערד — פאַרנעפּלט, פאַרשטעלט פון מיר אַביסל דאָס װאָס איז מיר אָמנאָענטסטן — די ייִד־פּראָבלעם".

דאָס קינד איז פאַר אים אַ טײל פון זײַן טעטיקײט פאַר דער מענטשהײט. קאָרטשאַק װיל נישט רעזיגנירן פון זײַן חלום װעגן דער מענטשהײט.

אין דער מיט פון די ספקות, האָפענונגען און ראַנגלענישן, ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה. די היטלעריסטישע באַנדעס מאַרשירן אַריין קיין וואַרשע און באַזעצן גאַנץ פוילן. עס פאַנגען זיך איצט אָן פאַר קאָרטשאַקן שווערע יאָרן, יאָרן פון שרעק, גרויל, געראַנגל פאַר די לעבנס פון די קינדער און קיום פון יתומים־הויז.

## III

אָן איבערברוך פאַר קאָרטשאַקן — איז געווען דער באַפעל פון דער „געסטאַפּאָ״ אָפּצולײדיקן דאָס הויז פון קראָכמאַלנע 92. נאָר איין מעת־לעת צייט האָבן זיי געגעבן די רשעים. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין טענות, נישט קיין ביטעס און נישט קיין טרערן. קאָרטשאַקס רייד און אַפּעלירן צו די לייט, זיי זאָלן האָבן אײנזען מיטן קינד, האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף ציינישע געלעכטערס.

אַ פאַרצווייפלטער איז קאָרטשאַק אַוועק דעם זעלבן אָוונט צום פאָרזיצער פון דער וואַרשעווער קהילה, אינזשעניר אַדאַם טשערניאַקאָוו. ער האָט צוגעזאָגט צו אינטערווענירן, צו פּרווון דערגרייכן עפּעס ביי די „געסטאַפּאָ״־לייט, ער האָט אָבער געגעבן אָנצוהערן דעם ד״ר קאָרטשאַק, ער זאָל זיך נישט מאַכן צופיל אילוזיעס. אַ באַפעל פון דער „געסטאַפּאָ״ איז אַ באַפעל. אויב יאָ, וועט נאָר מעגלעך זיין דעם באַפעל אָפּצושטופּן אויף אַביסל צייט.

דער וואַרשעווער ראש הקהילה האָט געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון דר. קאָרטשאַק פאַרן בית־יתומים אַ הויז פון עטלעכע צימערן אויף דער גאַס דזיעלנאַ, וואָס האָט פריער געדינט פאַר היימלאָזע יידן. עס איז נישט געווען קיין אַנדער אויסוועג ווי איבערלאָזן די רחבותדיקע ליבע היים, מיט די ליכטיקע שלאָף־צימערן, מיט דעם גרויסן עס־זאַל, וואַש־צימערן און אַלע אַנדערע באַקוועמלעכקייטן, אײנריכטונגען — דאָס גאַנצע פאַרמעגן וואָס איז מיט אַזויפיל ליבשאַפט אויפגעבויט געוואָרן במשך פון 30 יאָר מי און אַרבעט, און זיך אַריבערקלייבן, אַריינפּאַסן

זיך אין די שמוציקע, פאַרלאָזענע, ענגע, נאַקעטע צימערן. אַלץ, אַלץ האָבן זיי געמוזט איבערלאָזן פאַר די נאַציס: דעם אַקוואַריום מיט די פישעלעך, די ביבליאָטעק, דעם רייכן אַרכיוו, די קאָלעקציעס צייטונגען, די בילדער — אַלץ!

קוקנדיק מיט אָפענע, ניכטערע אויגן אויף דער סיטואַציע, האָט קאָרטשאַק פאַרשטאַנען אַז זיי דאַרפן נאָך זיין צופרידן מיט דער געשאַפענער לאַגע. ער האָט געהאָפט אַז אַזוי אַרום וועט אים מעגלעך זיין צו ראַטעווען כאָטש די קינדער. ער איז געוועזן באַזאָרגט וועגן באַקומען די נויטיקע שפּייז פאַר זיי. די פּאַרציעס ברויט זיינען געוואָרן וואָס אַמאָל קלענער און אָרעמער.

זיין גאַנצן איינפלוס, טאַלאַנט און ענערגיע האָט איצט קאָרטשאַק אָנגעווענדט אויף צו באַקומען די מיטלען, מיט וועלכע ער זאָל קאָנען איינקויפן אַביסל שפּייז און מעדיקאַמענטן פאַר די קינדער. מחנות אויסגעדאַרטע, הונגעריקע יידישע קינדער האָבן באַלאַגערט די גאַסן פון געטאָ און געבעטלט ביי די דורכגייער אַ שטיקל ברויט אָדער אַ נדבה. קאָרטשאַק האָט פאַרהיטן אַז די קינדער פון יתומים־הויז זאָלן נישט זיין צווישן די בעטלדיקע קינדער־מחנות.

אין אַלע טאָג־ביכער און באַשרייבונגען פון וואַרשעווער געטאָ ווערט מיט באַוואונדערונג דערמאָנט קאָרטשאַק, זיין אַקטיוואַציע, מוט און קאַמף וואָס ער האָט געפירט פאַר זיינע קינדער און פאַרן אויפהאַלט פון דער יתומים־היים.

קאָרטשאַק איז נישט מיד געוואָרן צו בעטן, מאָנען, קלאַפּן אין די טירן פון אַלע אַמטן, צו באַקומען דאָס סאַמע נויטיקסטע פאַר זיינע קינדער'. קיין שום באַליידיקונג און דערנידעריקונג איז אים נישט צו שווער, אויב ער האָט נאָר געקאָנט עפּעס אויסווירקן פאַר די קינדער.

אין די קאָשמאַרע טעג איז קאָרטשאַק אויסגעוואַקסן צו אַ לעגענדאַרישע, ליכטיקע געשטאַלט.

אין דעם קעלער פון הויז האָבן זיי איינגעאָרדנט אַ קליינעם שפּיטאָל פאַר די קראַנקע קינדער. די צאָל קראַנקע און שוואַכע האָט גע־

האַלטן אין איין שטייגן. אָן מעדיקאַמענטן און אָן באַשפּייזונג זיינען זיי, די קראַנקע קינדער, אויסגעגאַנגען. קאָרטשאַק און ווילטשינסקאַ האָבן זיך דערפילט אומבאַהאָלפן און איבעריק אַנטקעגן דער נויט און אָרעמקייט. צו וואָס איז דאָ נויטיק זייער דערציערישע דערפאַרונג און וויסן?

די אָרעמקייט אין געטאָ און אויך אין יתומים־הויז איז געוואָרן שווערער און פיינלעכער. אויף צו באַהייצן די קאַלטע צימערן, האָבן זיי שוין פאַרנוצט די טישן און די בענק און אויך די פארענטשעס פון די טרעפּ. וואָס וועט זיין ווייטער, וואָס וועט דער מאָרגן ברענגען?

די אָבלאַוועס פון דער „געסטאַפּאָ" אויף דערוואַקסענע און קינדער אין די גאַסן פון געטאָ, ווערן וואָס אָפטער. די געכאַפּטע ווערן אויפגעלאָדן אין וואַגאָנען פאַר פי און ווערן טראַנספּאָרטירט ערגעץ צו די מזרח־טעריטאָריעס. פון די אַלע טראַנספּאָרטירטע קומט נישט אָן קיין ידיעה.

קאָרטשאַק האָט באַקומען אַ פאָרשלאַג פון דער „געסטאַפּאָ" ער זאָל אַרבעטן אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל. דעם אָנבאָט האָט אים געמאַכט אַ געשטאַפּאָ־מעדיקער, וועלכער האָט געהערט פון דר. קאָרטשאַק און וועגן זיינע דערציאונג־מעטאָדן.

קאָרטשאַק האָט אָבער צוריקגעוויזן דעם אָנבאָט: ער איז נויטיק זיינע קינדער, ער קאָן זיי נישט פאַרלאָזן.

אויך די פּוילישע אונטערערדישע באַוועגונג האָט געגעבן די מעגלעכקייט דעם דר. קאָרטשאַק צו ראַטעווען זיך, דורך באַזאָרגן אים אַריש פּאַפּירן, כדי צו קאָנען אַרויס פון געטאָ. קאָרטשאַק האָט צוריקגעוויזן די אַלע מעגלעכקייטן פון אַנטלויפן. נאָר ווען ער זאָל קאָנען מיטנעמען מיט זיך די קינדער. אַנדערש, האָט ער נישט געוואָלט הערן אַפילו פון דעם פאָרשלאַג.

***

ס'איז געווען דאָס יאָר 1942, דאָס יאָר ווען די דייטשן האָבן דעצידירט צו ליקווידירן די וואַרשעווער געטאָ. דאָס חלף איז שוין געלעגן

אויפֿן האַלדז. מיט גרויס מי און סכּנות נפֿשות איז מעגלעך געווען צו באַקומען אַ שטיקל ברויט אין געטאָ. קאָרטשאַק האָט נאָך נישט פֿאַר־לוירן זיין מוט, זיין האָפֿענונג און גלויבן, און ער איז ווייטער געווען דער דערציִער און פֿאָטער פֿון זיינע קינדער און פֿון אַלע יידישע קינדער פֿון דער גאַס.

קאָרטשאַקס יתומים־הויז איז געוואָרן די היים פֿאַר דעם יידישן מאַרטירער קינד פֿון וואַרשעווער געטאָ.

אויפֿן הויף פֿון יתומים־הויז האָט ער פֿון צייט צו צייט איינגע־אָרדנט פֿאָרשטעלונגען און געזאַנג־קאָנצערטן, צו וועלכע עס זיינען גע־קומען פֿיל הונדערטער קינדער, כּדי צו הייבן אַביסל זייער שטימונג. דער קאָנצערט איז פֿאָרגעקומען אין מיטן פֿון דעם שמוציקן און טרויע־ריקן הויף, ווו עס האָבן געשוועבט סכּנות און דער טויט האָט אַראָפּגע־קוקט פֿון די קינדערשע פּנימער.

אַן אָפּגעריסענער און אָפּגעשליסענער, אַן אויסגעדאַרטער און באַ־וואַקסענער, ווי אַ בעטלער פֿון די וואַרשעווער הויפֿן, איז קאָרטשאַק גע־שטאַנען צווישן דער מחנה אויסגעדאַרטע סקעלעטן־קינדער און אָנגע־פֿירט מיטן קאָנצערט, וואָס איז באַשטאַנען פֿון נומערן מוזיק און גע־זאַנג.

ער גייט אַרום צווישן דער מחנה און שטעלט זיך אָפּ ביי די מער־דערשלאָגענע קינדער, די וואָס ליגן אויף דער ערד, גלייכגילטיקע, מיט אויסגעלאָשענע בליקן און פֿאַרשוואַרצטע פּנימער. קאָרטשאַק נעמט זיי דעם פּולס, גלעט זייערע קעפּלעך און זוכט אויס אין דער קעשענע פֿון זיין כאַלאַט אַ ביסן ברויט, אָדער גאָר אַן אָנדייט פֿון אַ צוקערל.

די ראָזשינקע פֿון דעם פּראָגראַם איז געווען קאָרטשאַק אַליין. ער דערציילט אַ מעשהלע וועגן אַ שטיפֿעריש יינגל, און ער רופֿט אַרויס האַרציק געלעכטער ביי די קינדער.

מיט אָפֿענע מיילער הערן זיי זייער באַליבטן דערציִער און פֿאָטער. עס געלינגט אים אַרויסצופֿירן זיין מחנה פֿון דער אַרומיקער פֿינצטער־

ניש, פון טויט, און ער פירט זיי אַריין אין דעם אויסגעטרוימטן לאַנד פון האָפענונג און ליכט.

די מחנה קינדער גייט דערנאָך אַוועק פון דעם קאָנצערט געשטאַרקט, געמוטיקט, מיט אַ פונק פון באַנייטער האָפענונג.

***

עס דערנעענטערט זיך דער טראַגישער פינאַל.

די דייטשן גייען אָן סיסטעמאַטיש און אַכזריותדיק מיט דער ליקווידאַציע פון דער געטאָ. עס איז שוין פאַר קיינעם מער קיין סוד נישט וווהין מען פירט די באַנען מיט יידן, וואָס ווערן אַריינגעטריבן ווי בהמות אין די וואַגאָנען, מיט אומגעלאָשענעם קאַלך אויפן פאָל.

קאָרטשאַק האָט באַגלייט זיינע קינדער אויף דעם לעצטן וועג. בראש פון דער פראָצעסיע איז ער געגאַנגען, טראָגנדיק אויף זיינע אָרעמס צוויי שוואַכע קינדער, וועלכע האָבן שוין נישט געקאָנט גיין מיט זייערע אייגענע כוחות.

קאָרטשאַק, דער דערציער, דער פאָטער זייערער, איז געבליבן מיט זיינע קינדער ביז צום סוף. צוזאַמען מיט אים, מיטן פאָטער זייערן, איז פיל גרינגער געווען דער אויסגעהונגערטער און פאַרפייניקטער קינדער־מחנה אַריבערצוטראָגן די אַלע פיינען פון דעם אַכזריותדיקן סוף.

דאָס איז געווען דעם 10־טן אויגוסט 1942.

***

פון אַ יידיש־פוילישן דיכטער פון וואַרשעווער געטאָ, וולאַדיסלאַוו שלענגעל, איז פאַרבליבן אַ ליד וואָס דערציילט וועגן קאָרטשאַקס לעצטן העראָישן אַקט פון באַגלייטן זיינע קינדער אויפן לעצטן שפּאַציר צו די וואַגאָנען פון טויט.

אָט איז דאָס ליד:

איך האָב היינט געזען יאַנוש קאָרטשאַקן
מיט זיינע קינדערלעך אין לעצטן צוג.
די קינדער זיינען געווען זויבער געקליידט,
ווי אויף אַ שפּאַציר אין אַ יום־טוב טאָג.

דער קאָפּ אַנטבלויזט, די אויגן אָן שרעק,
אין שפּיץ פון זיין מחנה האָט קאָרטשאַק געשפּאַנט.
פאַר דער קעשענע האָט אים געהאַלטן אַ דערוואקסן קינד
און צוויי קליינטשיקע האָט ער געטראָגן אויף דער האַנט.

עמיץ איז צוגעלאָפן, האַלטנדיק אַ פּאַפּיר,
נערוועז זיך באַוועגט, עפּעס דערקלערט און געברומט:
„איר קענט צוריקגיין... אָט איז אַ צעטל פון בראַנדן..."
קאָרטשאַק האָט מיטן קאָפּ בלויז געשאָקלט שטום.

די, וועלכע זיינען געקומען מיט דער נאַצישער גנאָד,
האָט ער אפילו נישט געוואָלט געבן צו פאַרשטיין,
נישט פּרובירט דערקלערן די נשמהלאָזע קעפּ,
וואָס עס באַדייט איבערלאָזן קינדער אַליין.

די קינדער זיינען געגאַנגען צו די וואַגאָנעס,
ווי אויף אַ הינטערשטאָטישן אויספלוג אין ל"ג בעומר.
און דער קליינטשיקער מיט דער שטאָלצער מינע
האָט זיך היינט געפילט ווי אַ ריכטיקער שומר.

צי הערט איר שכנים פון הינטער דער געטאָ־מויער,
איר, וואָס קוקט אויף אונדזער טויט דורך דער קראַטע?
יאַנוש קאָרטשאַק איז אומגעקומען, כדי אויך מיר
זאָלן האָבן אונדזער אייגענע וועסטערפּלאַטע.*)

---

*) וועסטערפּלאַטע — דאָס האַלב־אינדזל ביים אַריינגאַנג אין דאַנציקער האַפן, וווּ די פּוילישע אַרמיי האָט זיך העראָיש פאַרטיידיקט.

## 1

די לעצטע אַנדערטהאַלבן צענדליק יאָר מיט זייער שטורעם און דראַנג האָבן באַוויזן צו פֿאַרווישן די שפּורן פֿון אַ סך פּנימער, אַפֿילו פֿון די נאָענטסטע. קאַרטשאַקס געשטאַלט אָבער איז מיר פֿאַרבליבן אין זכרון, אין מיין וועזן, אינגאַנצן אומבאַרירט.

ווי אַ גוטע, לעגענדאַרע געשטאַלט לייכט ער אַרויס פֿאַר מיר מיט אַלע זיינע דעטאַלן.

אַ פּאָר גרויסע, בלויע, קלוגע אויגן, וואָס שטראַלן מיט מילדקייט און גוטקייט. זיי ווייסן אַלץ וואָס עס געשעט אַרום און דרינגען דיך דורך און דורך. שווער אויסצוהאַלטן זיין בליק. אַ רונדיקער שטערן, וואָס גיסט זיך צונויף מיט דעם נאַקעטן און גלאַנציקן קאָפּ זיינעם. דאָס לענגלעכע פּנים, פֿאַרענדיקט מיט אַ בלאָנד שפּיציק בערדל, איז איידל און מילד, אָן יעדן שפּור פֿון ליידנשאַפֿט.

אָפֿטמאָל איז ער מיד, נישט אויסגעשלאָפֿן — נאָך אַ נאַכט אַרבעט, ביים שרייב־טיש אין זיין בוידעם־צימערל וואָס ער האָט פֿאַרנומען אין יתומים־הויז. אָבער שטענדיק איז זיין פּנים יונג, מונטער און באַלעבט מיט אַ קלוגן און באַהאַלטענעם שמייכל.

זיין כאַראַקטער — אַ געמיש פֿון נאַאיוויטעט מיט פּקחות. פּאָע־טישע פֿאַרחלומטקייט און פּראַקטישקייט האָבן געהויזט צוזאַמען אין דעם זעלטענעם מענטשן.

ער איז געווען דער מענטש פֿון פּשטות. נישט געקוקט אויף זיין פּקחות, אויף זיין רייכע דערפֿאַרונג און מענטשן־קענטעניש, האָט עפּעס אַ קינדישע תמימות באַהויכט זיין וועזן. אַז מען פֿלעגט אים רופֿן „הער דאָקטער!“, האָט ער, ווען ר׳איז נאָך געווען אויפֿגעלייגט, זיך אויסגע־

דרייט און געהאַלפן זוכן דעם „דאָקטער"... און דאָס איז געווען אַזוי נאַ־טירלעך, אַזוי עכט.

ער האָט זיך געהיט נישט צו דערדריקן קיינעם מיט זיין אויטאָ־ריטעט. שטענדיק איז ער געווען דער, וואָס האָט געבעטן אַז מ'זאָל אים אויפקלערן, מ'זאָל אים געבן צו פאַרשטיין. און בשעת מעשה פלעגט ער קוקן מיט זיינע גרויסע, בלויע קוקערס מיט אַזויפיל נייגער און תמימות, ווי אַ קינד, פאַר וועמען מען אַנטפּלעקט דאָ נייע וועלטן.

פּונקט ווי ער האָט געהאַלטן פאַר אַ וויכטיק דערציערישן פּרינ־ציפּ אין באַצוג צום קינד — אַז דער דערציער דאַרף זיך נישט אַרויס־הייבן, אַרויסשטעלן איבער דעם קינד, — אַזוי אויך האָט ער דעם זעלבן פּרינציפּ אָנגעווענדט אין באַצוג צו זיינע מיטאַרבעטער.

דער טיפער רעספּעקט וואָס יעדער איינער פון אונדז האָט געהאַט פאַר אים, האָט אים ממש ווי געטון. ער האָט געהאַלטן, און מיט רעכט, אַז דאָס טעמפּט אָפּ אונדזער איניציאַטיוו און זעלבסטשטענדיקייט. און מיט אַלע מיטלען האָט ער געזוכט אָפּצושוואַכן אָט די ווירקונג און אַליין שטעלן זיך אין אַ זייט.

## 2

שרייבנדיק וועגן קאָרטשאַקן דאַרף מען זיך גאָר באַזונדער אָפּשטעלן אויף צוויי באַזונדערע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן צוזאַמענגעשטעלט די ליכטיקע געשטאַלט. דאָס זיינען צוויי גאַנצע און פאַרשידנאַרטיקע קאָרטשאַקס.

קאָרטשאַק דער ראַפינירטער שרייבער. דער גייסטרייכער און אייגנ־אַרטיקער שריפטשטעלער, גלענצנדער פּוילישער סטיליסט, מחבר פון אומצאָליקע דערפּאָלגרייכע ווערק; לעקטאָר און פּראָפעסאָר, באַהעם און כּובטעלער מענטש, מענטש פון בענקענישן און שטימונגען.

און קאָרטשאַק דער לערער און פאָטערלעכער דערציער. דער מענטש פון דיסציפּלין און פליכט. דער טיפער קינדער־קענער און קינדער־פריינט, וועלכער האָט באַוויזן צו געבן זיינע דערציערישע טעאָריעס אַ פּראַקטי־

שע אָנווענדונג. ווייל איין זאַך איז שאַפן טעאָריעס און אַ צווייטע — זיי רעאַליזירן. דאָס זיינען על־פּי־רוב צוויי געביטן וואָס גייען נישט האַנט ביי האַנט.

אין אָט דיביידע פאַרשיידנאַרטיקע געשטאַלטן האָבן זיך דערגאַנצט און געשאַפן די באַצויבערנדיקע און האַרמאָנישע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט אויסגעשטראַלט אַזויפיל וואַרעמקייט, אַזויפיל אידעאַליזם אַרום זיך.

אין אָט די ביידע פאַרשיידנאַרטיקע געשטאַלטן האָבן זיך דערגאַנצט האָב געקענט און געזען פון דער נאָענט אין זיין טאָג־טעגלעכער שווערער אַרבעט אין יתומים־היים. כ׳האָב געהאַט דאָס גליק צו אַרבעטן מיט אים, אונטער זיין אויפזיכט אין יתומים־הויז אויף קראָכמאַלנע 92, וואָס איז געווען זייער אַ באַקאַנטער און בכבודיקער אַדרעס אין דער אַמאָליקער וואַרשע.

און קאָרטשאַק אַלס דערציער איז אַ גאַנצע, שיינע און רייכע וועלט. מ׳זעט אים דאָ אין זיין פולער שעפערישקייט און אייגנאַרטיקייט, מיט אַזויפיל איינפאַל, איניציאַטיוו, און דער עיקר — אַזויפיל אחריות פאַר דעם דערציאונגס־אָביעקט, מיט אַזויפיל ליבשאַפט און אידעאַליזם.

ווי צאַרטע, אייביקע פלאַנצן האָט ער זיי באַהאַנדלט. און ער איז אַליך נישט מיד געוואָרן צו לערנען און פאַרשן זיי. ער האָט געהאַלטן, אַז ער קען נאָך אַליך נישט דאָס קינד, איז דעריבער יעדער נייער שטריך וואָס ער האָט באַקומען וועגן יאַנקושן אָדער כאַנטשען, געווען פאַר אים אַן אַנטפּלעקונג.

**3**

די מעגלעכקייט צו אַרבעטן מיט קאָרטשאַקן האָב איך צו פאַרדאַנקען אַזוי צו זאָגן מיין אומקאָמפּעטענץ. קאָרטשאַק האָט נישט געהאַט גאָר קיין געהויבענע מיינונג פון די מענטשן, וואָס ווערן באַטיטלט אַלס קאָמפּעטענטע. קאָמפּעטענט האָט געמיינט פאַר אים דאָס זעלבע כמעט ווי פאַרשלאָפן, פאַרגליווערט, דיפּלאָמירטע לא יוצלחס, בשעת די אומקאָמפּעטענטע, מוזן זיך כסדר אָנשטרענגען, לערנען, זוכן.

אַז איך וועל דאַרפן לערערס — פלעגט אָפּטמאָל זאָגן קאָרטשאַק — וועל איך זיי זוכן אמווינציקסטן אין די סעמינאַרן פאַר לערער. בלויז אין דעם אופן פון אומגיין זיך מיטן קינד, אָן די איינגעחזרטע כללים פון פּעדאַגאָגיע, דערקענט מען גלייך אין יעדן מענטשן, צי ער האָט דעם באַרוף צו זיין אַ לערער אָדער נישט.

כ׳בין געווען אַ סטודענט פון וואַרשעווער מלוכה־סעמינאַר פאַר יידישע לערער, ווו ד״ר קאָרטשאַק האָט דיקטירט אַ קורס פון קינדער־פּסיכאָלאָגיע, און ס׳איז געפאַלן דער גורל אויך אויף מיר, צו זיין צווישן די געציילטע, צו פּראַקטיצירן ווי אַ געהילפס־דערציער אין יתומים־הויז.

אויג אויף אויג האָט מיך קאָרטשאַק גענומען אויף אַ פאַרהער:

— „אין וואָסער למוד — האָט ער מיך געפרעגט — זענט איר דער ערגסטער שילער?״

אַז כ׳האָב אים אויפריכטיק געענטפערט: „אין מאַטעמאַטיק״ — האָט ער זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט.

— וועט איר לערנען מיט די קינדער מאַטעמאַטיק.

און ער האָט זיך געהאַט דערביי, קאָרטשאַק, זיין מיין און שטאַנד־פּונקט.ביים אָנשטרענגען זיך בכדי יענעם צו געבן עפּעס צו פאַרשטיין, ווערט דער ענין קלאָר קודם־כל פאַר זיך אַליין. דאָס אויפקלערן, מסביר זיין אַ קינד 2 מאָל 2, פאָדערט צוגרייטונג, פאָדערט פאַרטיפונג. אַזוי אַרום איז ער געווען זיכער, לכל הפּחות, אַז איך וועל זיך צו מיינע לעקציעס ערנסט און מיט פלייס צוגרייטן. און דאָס באַדייט דאָך פאַר אַ לערער אַ סך.

פון צייט צו צייט פלעגט קאָרטשאַק בעטן ביי מיר דערלויבעניש ביייצווזיין מיינע אַ לעקציע. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז איך האָב אים דאָס דערלויבט. ער פלעגט אָבער זיין געגוג פאָרזיכטיק און אויסגע־רעכנט, אַז ער זאָל מיט זיין אָנוועזנהייט אין קלאַס, מיך נישט צעטומ־לען. פלעגט ער דאָס מאַכן אויף אַזאַ אופן:

ער איז אַריינגעקומען אויף דער לעקציע מיט אַ שטויס פּאַפּירן און זיך אַוועקזעצן אויף דער לעצטער באַנק פון קלאַס, פאַרוקט אין אַ ווינקעלע, בכדי זיין אָנוועזנהייט זאָל מיט גאָרנישט ווירקן אויפן גאַנג

פון דער לעקציע. אַזוי איז ער געזעסן, אַריינגעטון מיט פּלייס אין זיינע פּאַפּירן, מאַכנדיק ווירקלעך דעם איינדרוק, אַז די קלאַס מיט אַלץ וואָס עס קומט דאָ פאָר אַרום אים, גייט אים לגמרי נישט אָן. די גאַנצע צייט פון דער לעקציע פלעגט ער כמעט נישט אויפהייבן, אָפּרייסן דעם בליק פון זיינע פּאַפּירן, און אפילו ווען דער גלאָק האָט שוין געקלונגען און די קינדער האָבן שוין געהאַט פאַרלאָזט די קלאַס, איז ער אויך ווייטער געבליבן זיצן אין זיין ווינקעלע.

ענדלעך איז שוין קאָרטשאַק אויך אַרויס פון קלאַס, אָבער ער האָט זיך מיט קיין איין וואָרט נישט פאַראַטן וועגן דעם איינדרוק פון דער לעקציע, גלייך ווי גאָרנישט געזען און גאָרנישט געהערט. אויך איך האָב נישט געפונען פאַר פּאַסיק אים צו פרעגן. נאָר אין טעג אַרום ערשט פלעגט ער, דרך־אגבדיק, אַ זאָג טון בשעת אַ פּעדאַגאָגישער זיצונג: „יאָ, פאַר יענער לעקציע האָט איר זיך כשר פאַרדינט, אַז מען זאָל אייך דערלאַנגען איבער די הענט..."

און ער האָט דאָס געזאָגט מיט אַזויפיל אויפריכטיקייט און תמימות, אַז ס'איז נישט געווען אין דעם זאָג זיינעם קיין האָר באַליידיקונג, אָדער אַ טאָן פון אַן אויטאָריטעט. ער האָט זיך געלאָזט דיסקוטירן זיינע אָנ־מערקונגען און מיט אינטערעס אויסגעהערט יעדע מיינונג.

אויסהערן יענעם, רעכענען זיך מיט אַ צווייטנס מיינונג, זיין טאָ־לעראַנט — דאָס איז געווען קאָרטשאַקס אַ הויפּט־שטריך און אַ וויכ־טיקער פּרינציפּ אין זיין דערציאונג־סיסטעם.

זיינע אַלע יאָרן איז ער נישט מיד געוואָרן צו פּרעדיקן באַציאונג צום קינד, אויסהערן און נעמען אויף אַן ערנסט זיין מיינונג, זיין איי־גענעם קוק און שטאַנדפּונקט. מבטל זיין, אָוועקמאַכן עס מיט דער האַנט, איז פאַרן קינד ווייטיקלעך און דערדריקט זיין פּערזענלעכקייט.

און דעם דאָזיקן פּרינציפּ האָט קאָרטשאַק אָפּגעהיט אויך אין באַ־צוג צו מענטשן בכלל. די באַציאונג זיינע צום קינד איז אַזוי אַרום נישט געווען פאַר אים עפּעס אַן אָפּגעריסענע טעאָריע, נאָר אַ טייל פון אַ לעבנס־סיסטעם.

## 4

די הויפּט־אַרבעט מיינע אין יתומים־הויז איז נישט געווען לערנען, נאָר אָבסערווירן קינדער. דאָס איז בכלל געווען די אויפגאַבע פון דעם גענוג צאָלרייכן דערציערישן פּערסאָנאַל, וואָס האָט אויסגעמאַכט אַ דערציער אויף יעדע פינף קינדער.

די קינדער פון דער היים האָבן באַזוכט די אַלגעמיינע מלוכהשע אָנפאַנג־שולן פון דער געגנט. קאָרטשאַק איז געווען קעגן דעם, אַז מען זאָל איינשטעלן אָנפאַנג־שולן אין דער היים גופא, און דאָס צוליב וויכטיקע דערציערישע טעמים.

דאָס באַזוכן אַ שול מחוץ דעם אַנשטאַלט, גיט דעם אינטערנירטן קינד די געלעגנהייט צו קומען אין קאָנטאַקט מיט אַנדערע קינדער, מיט אַנדערע מענטשן און שטעלט אים בכלל אין פאַרבינדונג מיט דער גרויסער וועלט. די מעגלעכקייט פון אָפּאָטעמען אַ פּאָר שעה אין טאָג אין אַן אַנדערער אַטמאָספער, ווירקט צום גוטן אויף דעם אינטערנירטן קינד, וואָס לעבט כסדר אַ מאָנאָטאָנעם, דיסציפּלינירטן קאַזאַרמע־לעבן. דאָס קומען אין באַרירונג מיט קינדער פון נאָרמאַלע פאַמיליע־היימען, קינדער מיט אַנדערע זאָרגן און השגות, אַנדערע טעמפּעראַמענטן און אופן פון באַנעמען, ווי אויך מיט אַנדערע לערער, ברייטערט־אויס דעם האָריזאָנט פון אינטערנירטן און דערדריקטן יתום־קינד. אין אַלע הינזיכטן איז דאָס פאַר אים אַן אָפּפרישונג, רופט אַרויס בענקענישן, דערינערונגען, טראַכטענישן און רעגט צו עפּעס אָן.

בכלל דאַרף מען זאָגן, איז קאָרטשאַק נישט געווען קיין צו גרויסער חסיד פון די יתומים־היימען. דער בעסטער און מוסטערהאַפטער אַנשטאַלט פון דעם מין — פלעגט ער אָפט זאָגן — קען נישט קאָנקורירן מיט דער ערגסטער היים. יעדע היים איז אַ נאַטירלעכע און געזונטע אַטמאָספער פון דערציערישער ווירקונג, בשעת אינעם אַנשטאַלט זוכט מען דורך קינסטלעכע מיטלען דאָס ערשט צו שאַפן.

און דערצו האָט נאָך די יתומים־היים אַ ריי נעגאַטיווע שטריכן, וואָס האָבן אַ שלעכטע ווירקונג אויפן קינד.

די יתומים־היים לאָזט איבער טיפע שפורן אויפן קינד. דאָס קאָ־לעקטיווע לעבן אין אַ קינדער־היים, מעג זי זיין איינגעאָרדנט לויט די מאָדערנסטע פּעדאַגאָגישע פאָרשריפטן, האָט עפּעס פון אַ קאַזאַרמע. דאָס קינד איז דאָ כסדר פאַרמשפּט צו לעבן אינעם טומל פון מוראַש־ניק, שטענדיק אונטער דעם פאַרשעריש‏ן פאַרפאָלגענדיקן בליק פון קאָ־לעקטיוו. ער האָט דאָ נישט קיין אייגן ווינקעלע, וווּ זיך אויסצובאַהאַלטן מיט זיינע בענקענישן, מיט זיינע חלומות, מיט זיין אינדיווידועלן איך.

איבערהויפּט ליידן פון דעם די קינדער מיט אינדיווידואַליסטישע נייגונגען, וואָס קענען זיך נישט צונויפגיסן מיט דער מאַסע. עס ליידן אַמערסטן די פילבאַרע קינדער, וואָס ברענגען מיט זיך טראַדיציעס פון טאַטע־מאַמע היימען. זייער שווער פּאַסן זיי זיך אַריין אין דעם קאָלעק־טיוון לעבן פון קינדער־היים.

אַגב, האָט קאָרטשאַק געזאָרגט דערפאַר, צו אָפּטיילן אין יתומים־הויז אַ ווינקעלע, אַ רשות היחיד, וווּ דאָס קינד זאָל קענען בלייבן מיט זיך, אַביסל איזאָלירט פון קאָלעקטיוו. עס וועט שפּעטער אויסקומען צו דערציילן אויספירלעכער וועגן דעם.

ווי געזאָגט, די הויפּט־אַרבעט פון די דערציער אין יתומים־הויז איז באַשטאַנען אין אָבסערוואַציע איבערן קינד. יעדער פון די דערציער האָט געדאַרפט זיין מיט די קינדער עטלעכע שעה אין טאָג און מאַכן פאַר־צייכענונגען ביי זיך אין טאָג־בוך. דעם טאָג־בוך האָט מען איבערגעגעבן קאָרטשאַקן און ער האָט אויף יעדן פאַל אָדער אָנפראַגע, געענטפערט שריפטלעך, אויפמערקזאַם געמאַכט אויף נישט־ריכטיקע אויסטייטשונ־גען, אָדער פאַלשע שלוסן. די וויכטיקסטע פראַגן, וואָס זיינען באַרירט געוואָרן אין די טאָג־טעגלעכע פאַרצייכענונגען, זיינען אויסגענוצט גע־וואָרן פון קאָרטשאַקן פאַר טעמעס, צו באַהאַנדלען זיי אויף די פּעדאַגאָ־גישע צוזאַמענקונפטן, וואָס פלעגן פאָרקומען יעדע פופצן טעג.

די דאָזיקע ענטפערס קאָרטשאַקס אויף אונדזערע פאַרצייכענונגען זיינען געווען שאַרף און בליציק. דאָ איז ער אויף אַ דירעקטן אופן גע־קומען צום אויסדרוק מיט זיינע אייגנאַרטיקע מיינונגען אין קוק אויפן קינד און דערציער. די אַבסטראַקטע פּעדאַגאָגישע פראַגן זיינען דאָ

שטענדיק געווען פֿאַרבונדן מיט קאָנקרעטע פּראַקטישע ענינים — ווי אַזוי אויסצובעסערן אָדער צופּאַסן דעם איינגעשטעלטן סדר פֿון יתומים־הויז צו דעם קינדס אייגנשאַפֿטן און כאַראַקטער.

שטענדיק איז ער גרייט געווען אויפֿצונעמען נייעס און איינפֿירן אויסבעסערונגען, אויב זיי זיינען נאָר פּראַקטיש, און דאָס וויכטיקסטע — אויב זיי קענען מיט עפּעס מיטהעלפֿן צו פֿאַרגרינגערן דעם קינד אין דעם שווערן דערציאונגס־פּראָצעס.

קאָרטשאַקס ענטפֿערס אויף די באַרירטע פֿראַגן האָבן אָפּטמאָל זיך פֿאַרצויגן ביז עטלעכע זייטלעך פֿון אַ העפֿט. די אַלע הונדערטער פֿאַר־שריבענע העפֿטן פֿון די טאָג־ביכער, במשך פֿיל יאָרן, וואָלטן מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַן אוצר פֿון פּעדאַגאָגיש־דערציערישע מאַטעריאַלן און וויסן.

אין צוזאַמענהאַנג מיט די טאָג־טעגלעכע אָבסערוואַציע פֿאַרצייכע־נונגען, געדענקט זיך מיר דער כאַראַקטעריסטישער עפּיזאָד.

באַלד די ערשטע טעג נאָך מיין אָנקומען אין יתומים־הויז זיינען מיינע פֿאַרצייכענונגען אין טאָג־בוך געווען זייער ענטוזיאַסטישע. אונ־טער דעם שטאַרקן איינדרוק פֿון דעם וואָס כ׳האָב געזען אין דער מוס־טערהאַפֿטער קינדער־היים, וועלכע איז ווירקלעך געווען אַ קינדער רע־פּובליק, האָב איך אין די פֿאַרנאָטירונגען פֿריי געלאָזט מיין פֿעדער מיט ליוב־געזאַנגען צום קינד, ווי דאָס אידעאַלסטע באַשעפֿעניש אויף דער וועלט.

כ׳בין געווען זיכער, אַז דאָס וועט מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק אויף קאָרטשאַקן, דעם גרויסן קינדער־פֿריינט. אָבער ער האָט מיר אויף מיין ענטוזיאַזם געענטפֿערט זאַכלעך און פּראָזאַאיש. דער אינהאַלט פֿון יע־נעם ענטפֿער איז מער ווייניק געווען אַזוי:

וואָס ווינציקער שוועבן אין די הימלען, נאָר בעסער צוקוקן זיך וואָס עס געשעט אַרום דיר אויף דער ערד. אַנשטאָט פֿאַרנעמען זיך מיט די אַבסטראַקטע ענינים, בעסער אָנצייכענען אַ פּלאַן פֿון אַרבעט און זיך קלאָר מאַכן וואָס דו האָסט געזען און געהערט. נישט זען די קינדער־

מאַסע אַלס גאַנצע, נאָר צוקוקן זיך צו יעדן באַזונדער און פּרוּוון אים פאַרשטיין אין זיינע האַנדלונגען.

דער דאָזיקער ענטפער איז מיר גוט פאַרבליבן אין זכרון. דאָס האָט מיך גלייך אַריינגעפירט אין דער אַטמאָספער פון אַרבעט און אָנגעצייכנט מיין ווירקלעכע פונקציע.

5

און עס איז ביז גאָר אינטערעסאַנט פאַר זיך די אָבסערוואַציע גופא, ווי אַזוי זי איז געמאַכט געוואָרן. דאָס איז געטון געוואָרן מיט דער גאַנצער פאָרזיכטיקייט, זי זאָל נישט פאַלן ווי אַ לאַסט אויפן קינד און אַז עס זאָל אין קיין מאָמענט נישט פילן אויף זיך דאָס פאַרשערישע אויג פונעם דערציער, וואָס באַגלייט אים ווי אַ בייזער שאָטן בשעת אַלע זיינע באַוועגונגען.

אַנדערש, אָן דער פאָרזיכטיקייט, וואָלטן דערצו די באַקומענע מאַטעריאַלן נישט געווען אויטענטיש, ווייל דאָס קינד וואָלט זיך אויסבאַהאַלטן, וואָלט געווען קרעמפּירט אין זיינע האַנדלונגען, און ממילא וואָלט עס זיך נישט אַנטפּלעקט מיט זיין איך, וויסנדיק אַז מען פאָרשט אים, מען שפּיאָנירט אים.

און אָפּגערעדט שוין, וואָס אַזאַ אומפאָרזיכטיקייט ביים אָבסערווירן דאָס קינד, וואָלט געווירקט דערדריקנד אויף אים און באַזונדער אויף דעם ניי־געקומענעם און וואָלט אים געמאַכט גלויבן, אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ סביבה, ווו מ׳לויערט אויף זיינע טריט.

דעריבער זיינען אָנגענומען געוואָרן אַלע מיטלען אויסצומיידן יעדע באַלעסטיקונג פאַרן קינד. ער האָט זיך באַוועגן פראַנק און פריי איבערן זאַל, אויפן הויף, ביים עסן, אין שלאָף־זאַל, מיט זיין נאָרמאַלער אַקטיוויטעט פון חברן זיך, שלאָגן זיך, קויפן און פאַרקויפן, און דאָך האָט דעם דערציערס בליק אים באַגלייט, און אַזוי אַרום אויפגעכאַפּט דעם פאָדים פון זיינע האַנדלונגען, נאָכגעפאָלגט די דראַמע, פון וועלכער ער איז דער הויפּט־העלד.

ווען די אומשטענדן האָבן עס געפֿאָדערט און בכדי צו פֿאַרגרינגערן דעם דערציִער אין זיין אויפֿגאַבע, נישט צו פֿאַרלירן דעם העלד זיינעם צווישן דער קינדער־מאַסע, האָט מען דעם קינד אָנגעטון עפּעס אַ קאָלירטע זאַך — אַ היטל אָדער אַן אַנדער בגד, — וואָס זאָל אים גרינג אויסטיילן פֿון דער מאַסע.

פֿאַרשטייט זיך, אַז אויך דאָס האָט געמוזט געמאַכט ווערן מיט דער גאַנצער פֿאָרזיכטיקייט, נישט אַרויסצורופֿן קיין חשד ביים קינד. דער געשיקטער דערציִער האָט דאָס געמאַכט אויף אַזאַ אופֿן, אַז נישט ער האָט פֿאָרגעשלאָגן דעם קינד זיך אָנצוטון דאָס קאָלירטע מיצל, נאָר דאָס קינד אַליין האָט עס געבעטן.

ווי געזאָגט, איז די אָבסערוואַציע איבערן קינד געמאַכט געוואָרן מיט אַ פּראַקטישן צוועק — צו באַקענען און דערקענען דאָס קינד; כדי אַזוי אַרום אים בעסער פֿאַרשטיין; אים העלפֿן, אים באַאיינפֿלוסן.

קענען דעם דערציִאונגס־אָביעקט איז אַן עלעמענטאַרער פֿאַרבאַדינג, אָן וועלכן עס קען גאָר קיין רייד נישט זיין פֿון וועלכער עס איז דערציִערישער ווירקונג.

דורך אַלע וועגן און מיטלען האָט קאָרטשאַק געזוכט צו דערקענען דאָס קינד, און דער עיקר — די ניי אויפֿגענומענע קינדער אין יתומים־הויז. אַ גרויסע הילף האָבן אויף דעם געביט געבראַכט די קינדער גופֿא. זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין די בעסטע מיטאַרבעטער און גלענצנדע דערציִער. די עלטערע קינדער האָבן געהאַט קלענערע אונטער זייער דערציִערישער אויפֿזיכט און אַפּטרופּסות, און זיי האָבן געהאַט אויך די אויפֿגאַבע צו זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן זייער משפּחה, היים, סביבה און איבערלעבונגען, ווי אויך צו פֿירן אַ טאָג־בוך און פֿאַרצייכענען וועגן זיי יעדע וויכטיקע פּאַסירונג, אין קאָנטאַקט מיט דער נייער סביבה.

און זיי, די קינדער־דערציִער, האָבן דערפֿילט זייער מיסיע גאַנץ געוויסנהאַפֿט. און בעסער נאָך, די באַקומענע דורך זיי מאַטעריאַלן זיינען געווען די מאַסגעבנדסטע און אויטענטישסטע, ווייל אויב דאָס קינד, צוליב טעמים פֿון אומצוטרוי, פֿאַרשטייט צו אויסבאַהאַלטן זיינע אייגנ־

שאַפֿן, זיין איך פֿאַרן דערציער, האָט ער אָבער צו קינדער, צו זיינע אייגענע חברים, דעם פֿולן צוטרוי.

דאָס איז געווען איינע פֿון די מיטלען פֿון קאָרטשאַקס סיסטעם: — שטיצן זיך אויפֿן קינד און געווינען אים אַלס מיטאַרבעטער.

## 6

קאָרטשאַקס גרויסקייט און אָריגינעלקייט איז באַשטאַנען אין זיינע פּערמאַנענטע באַמיאונגען צו פֿאַרשטיין דאָס קינד. מעג דאָס פֿאַרשטיין זיין אַפֿילו טעותדיק, פֿאַלש, איז עס אָבער אַ באַווייז פֿון אנערקענען, רע־כענען זיך מיט יענעם און מיט זיין איך.

און דאָס קינד האָט זיין אייגענעם איך, זיין אייגענע פּערזענלעכ־קייט, וועלכע מ׳טאָר נישט פֿון קיין שום שטאַנדפּונקט נעגירן, אָדער מבטל זיין. אַזאַ נעגאַציע פֿונעם קינדס פּערזענלעכקייט רופֿט זיך אָפּ שלעכט אויף דער פֿאָרמירונג פֿון זיין כאַראַקטער, באַליידיקט און דע־גראַדירט אים. און דאָס קינד, וואָס גרייט זיך מיט דעם פֿולן ערנסט צו זיין מאָרגנדיקער פֿונקציע, ווי אַן אַקטיוו־שעפֿערישער מיטגליד פֿון דער מענטש־געזעלשאַפֿט, איז ביז גאָר פֿילבאַר.

אומצאָליק זיינען די פֿאָרמען פֿון נעגירן דעם קינדס פּערזענלעכ־קייט. צעוואַרפֿן דאָס שטיבל, אָדער טורעם, וואָס דאָס קינד האָט מיט שווערער מי אָקאָרשט אויסגעבויט פֿון קלעצלעך, אָדער צעטרעטן דעם גאָרטן זיינעם, וואָס ער האָט פֿאַרפֿלאַנצט מיט ציין־העלצלעך, אָדער מיט אויסגעברענטע שוועבעלעך, איז מצד דעם דערוואָקסענעם אַן אַקט פֿון באַרבאַריזם, וואָס פֿאַרשאַפֿט דעם קינד טיפֿן שמערץ.

מיט וואָס איז די ברוטאַליטעט קלענער פֿון צעשטערן אַן אמת הויז? פֿאַר זיין הויז און גאָרטן האָט דאָס קינד באַצאָלט מיט נישט ווינציק מי, אָנשטרענגונגען, איינפֿאַל און האָט אים פֿאַרשאַפֿט פֿרייד, אמתע שאַ־פֿונגס־פֿרייד. אַזאַ אומבאַרעכטיקטער אַקט פֿון צעשטערונג, אַן אויסברוך פֿון פֿוריע מצד דעם דערוואַקסענעם, אַנטמוטיקט דאָס קינד, פֿאַרבי־טערט אים און לערנט אים צו זיין אומגערעכט.

קאָרטשאַק האָט געפאָדערט דעם מאַקסימום רעספעקט און פאַר־שטענדעניש פאַרן קינדס איך. אין דער באַציאונג פון דערוואקסענעם צום קינד האָט ער געזען אַ סך אומפאַרשטענדעניש, גראָבקייט. און עס איז געווען קאָרטשאַקס חלום, זיינע אַ לעבנס־מיסיע — צו באַפרייען דאָס קינד פון דערוואקסענעמס יאָך און דיקטאַטור.

קאָרטשאַק האָט געזען אינעם קינד דאָס אונטערדריקטע און צאַרטע באַשעפעניש, וואָס מען לאָזט נישט אויסלעבן זיך מיט זיין אייגענעם לעבן. שטענדיק מישט זיך אַריין דער דערוואקסענער מיט זיין באַפעלע־רישן טאָן. אנשטאט געבן די געלעגנהייט, אַז דאָס קינד זאָל זיך אַליין איבערצייגן, אויף דער באַזע פון זיינע אייגענע דערפאַרונגען, פאַרשיט אים דער דערוואקסענער מיט פאַראָרדענונגען, וואָס קלינגען מערער מאָל פאַרן קינד ווי אַ בייזוויליקייט. און הגם ער פירט זיי אויס די באַ־פעלן — ווייל אַזוי פאָדערן די אומשטענדן, ווייל דאָס קינד איז דאָך דער שוואַכערער צד — רופן זיי אָבער אַרויס ביים קינד אַ רעאַקציע, אַ קעגנווילן און ער וואַרט אויף אַ גינסטיקער געלעגנהייט צו באַפרייען זיך פון די מאַטערנישן.

דאָ איז אפשר נישט אינגאַנצן אָריגינעל קאָרטשאַקס קוק אויפן קינד, אָבער ער האָט די פּרינציפּן גענומען אויף אַן ערנסט און זיי מיט אייפער אָפּגעהיטן אין זיין פּעדאַגאָגיש־דערציערישער פּראַקטיק. אויף וויפל ס׳איז מעגלעך געווען האָט ער די פּרינציפּן איינגעפירט אין זיין יתומים־הויז אויף קראָכמאַלנע 92, די אידעאַלע קינדער־רעפּובליק וואָס ער האָט באַשאַפן.

## 7

געקומען איז קאָרטשאַק צום קינד אַלס מעדיקער און ער איז אויך אין זיין דערציעריש־לערערישער מיסיע געבליבן דער מעדיקער. גלייך ווי ער האָט אַלס מעדיקער געזוכט צו פאַרגרינגערן דעם קינד אין זיינע פיזישע ליידן, אַזוי האָט ער שפּעטער ווי אַ דערציער, זיך באַמיט צו

מאַרקלענערן די שמערצן וואָס דער דערציאונג־פּראָצעס פאַרשאַפט דעם קינד.

דערציִען מיינט דאָך צופּאַסן, אַריינפּאַסן זיך אין אַ געוויסן סיס־טעם, דיסציפּלינירן זיך, און דאָס פאָדערט צוימען זיך, אָפּזאָגן זיך פון נייגונגען, מוותר זיין אויף פרייהייטן און אָפּטמאָל פאַרנייגן דעם אייגענעם איך.

און קאָרטשאַק האָט געזוכט בייהילפיק צו זיין דעם קינד, ווי אַזוי און מיט וואָס צו פאַרגרינגערן אים אין דעם שווערן פּראָצעס פון דער־ציִען. דאָס פאָרשן און וועלן קענען דאָס קינד איז פאַר אים שטענדיק געווען פאַרבונדן מיט פּראַקטישע צוועקן. נישט פאָרשן לשם פאָרשן, נאָר כדי דורך דעם קאָנען נוצלעך זיין דעם דערציאונג־אָביעקט. אַ סך צרות קומען פון נישט קענען זיך — אַלצאיינס צי עס האַנדלט זיך וועגן אַ יחיד, אָדער וועגן אַ פאָלק.

נאָך זייענדיק אַ יונגער מעדיקער, וואָס האָט זיך ספּעציאַליזירט אויף קינדער־שלאָפקייטן, האָט זיך קאָרטשאַק געגעבן רעכענונג, אַז צווישן אים און דעם קינד, וואָס ער וויל היילן, שטייט אַ וואַנט פון אומ־צוטרוי. דאָס קינד באַגעגנט דעם מעדיקער, דעם רעטער זיינעם, מיט געשרייען און עס היט זיך פון אים אויס מיט זיין ווייטיק, ווי פון אַ גזלן.

און ס׳איז באמת נישטאָ וואָס מקנא צו זיין דעם מעדיקער, וועלכער דאַרף מערסטנס בויען זיינע השערות אויף דעם, וואָס דער פּאַציענט דערציילט אים וועגן זיינע ווייטיקן און סימפּטאָמען פון זיין שלאָפ־קייט. דאָס קינד בלייבט פאַרן מעדיקער אַ פאַרשלאָסן בוך און ער מוז פשוט זוכן אין דער פינצטער.

קאָרטשאַק האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין ערשטע אויפגאַבע איז, אויב ער וויל טאַקע באמת העלפן דעם קראַנקן קינד — צו געווינען דעם צו־טרוי פון דעם יונגן פּאַציענט. ווי אַזוי, דער מעדיקער דאַרף דערצו פאַר־האַנדלט ווערן אין אַ פּרעבליסטין אָדער אין אַ קונצנמאַכער. ער דאַרף טאַנצן, זינגען און שפּילן זיך און טון אַלץ בכדי צו ווערן היימיש מיטן קינד.

קאָרטשאַק האָט אַזוי אָנגעהויבן זיין פּראַקטיק ווי אַ קינדער־מעדי־קער. אין די הוימען פון דער וואַרשעווער אָרעמקייט האָט מען געקוקט אויף דעם משונהדיקן דאָקטער מיט קאָמיזם און מיט חשד. אַ דאָקטער, וואָס שפּילט זיך גאָר מיט די קראַנקע קינדער, אנשטאט צו היילן זיי...

קאָרטשאַק האָט אָנגעשריבן אַ בראָשור וועגן די דערפאַרונגען זיינע. און, ווייזט אויס, אַז דער קאָנטאַקט מיט די פיזישע ליידן פון קינד, האָבן אים אויף אייביק דערנענטערט און צוגעשמידט צום קינד. אַחוץ דעם קינדס פיזישע ליידן, האָט קאָרטשאַק, דער עמפּינדלעכער מענטש, אויך דערפילט דעם קינדס גייסטיקע און מאָראַלישע ליידן, וואָס קומען פון דער דערציאונג און בכלל פון דעם דערוואַקסענעמס באַציאונג צו אים.

און ס׳איז געוואָרן פאַר קאָרטשאַקן אַ לעבנס־אינהאַלט, אַ מיסיע, צו פאַרגרינגערן דעם קינד אין זיינע ליידן, סיי אַלס מעדיקער און סיי אַלס לערער.

## 8

דאָס קינד איז געווען פאַר קאָרטשאַקן נישט אַן אָפּגעגרענעצטער, בטלנישער, פּעדאַגאָגישער ענין, נאָר אַ טייל פון אַ גאַנצן סיסטעם, אַ לעבנס־שטה. דאָס קינד איז געווען פאַר אים דער שליסל צו דער מענטש־הייט.

די גרעסטע שנאות און צרות, אַזוי אין באַצוג פון יחיד צו יחיד, אָדער פון פאָלק צו פאָלק — קומען פון נישט קענען זיך. קענען איינעם, הייסט אים פאַרשטיין, הייסט האָבן פאַרשטענדעניש און טאָלעראַנץ פאַר זיין איך און פאַרפליכטעט אויך צו העלפן אים.

מיטן קענען און פאַרשטיין בלויז דאָס קינד און וויסן וואָס עס קוועלט אים און וואָס עס טוט אים וויי, וועט זיך שוין ממילא בייטן די גאַנצע באַציאונג צום קינד צום בעסערן.

עס איז געווען קאָרטשאַקס אידעאַל צו באַפרייען דאָס קינד פון דעם דערוואַקסענעמס דיקטאַטור. קינדהייט איז נישט אַ צוגאָב צו עפּעס, אַ

פאַרשפּיל, אַ מיטל צו עפּעס, נאָר אַ ציל פאַר זיך, אַ שפּיל פאַר זיך, מיט אַן אייגענעם זין.

קינדהייט מיינט נישט עפּעס אומפּערפעקטעס, אַן איבערגאַנג צו העכערס, נאָר איז די שלימותדיקע תקופה אין מענטשנס לעבן, מיט איר אייגענער שיינקייט און טיפקייט.

ווער האָט עס געגעבן דעם דערוואַקסענעם די רעכט צו שטערן און אַריינמישן זיך אין דעם קינדס לעבן און אָנוואַרפן זיך כסדר אויף דעם שוואַכן וועזן מיט זיין דערדריקנדיקער און באַפעלערישער אויטאָריטעט?

קאָרטשאַק, דער שטענדיק געמיטלעכער מענטש, איז געוואָרן אויסער זיך ווען ער האָט זיך אָנגעטראָפן אויף דער ברוטאַלער באַציאונג צום קינד מצד דעם דערוואַקסענעם.

מ׳דאַרף אָבער נישט מיינען, אַז קאָרטשאַק — אין זיין גרויסער ליבשאַפט צום קינד — איז געווען אַ שפּילעכל אין זיינע הענט און אויסגעשטעלט אויף זיינע קאַפּריזן. דאָ איז אונטערגעקומען קאָרטשאַק דער פּראַקטישער מענטש און אָרגאַניזאַטאָר, וועלכער האָט געפאָדערט דעם מאַקסימום פליכט און דיסציפּלין.

ער האָט זיך נישט געלאָזט באַהערשן און אוודאי נישט טעראָריזירן פון קינד. ווען ס׳איז געווען נייטיק, ווען די אָרגאַניזאַציע פון קאָלעקטיוון לעבן האָט עס געפאָדערט, האָט ער געהאַנדלט שאַרף און שטרענג. ווען ער האָט זיך אָנגעטראָפן אויף אַ שלעכטן ווילן מצד דעם קינד, דעמאָלט האָט קאָרטשאַק זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון פּאַטשן איבער די הענט, אָדער אָנרייסן אַן אויער. אמת טאַקע, נאָך אַזאַ האַנדלונג האָט ער גלייך זיך אָנגעקלאָגט אַליין אין געריכט...

נאָכן בייזיין אַ לעקציע ביי איינעם פון די דערציער, האָט קאָרטשאַק אין אַ צייט אַרום, ווי ס׳איז געווען זיין געוווינהייט, זיך דערמאָנט און געשטעלט דעם דיאַגנאָז: „איר ווייסט, אַז פאַר יענער לעקציע האָט מען אייך געדאַרפט דערלאַנגען איבער די הענט. איר האָט געהאַנדלט צו שוואַך. די ליבע צום קינד פאָדערט אויך צו זיין שטאַרק אין באַצוג צו אים״.

## 9

און האַלטנדיק פאַר אַ פּרינציפּ דאָס נישט אָנוואַרפן זיך דעם קינד, איז דעם דערציערס פונקציע אין יתומים־הויז געווען געגוג באַגרעניצט. ער האָט געדאַרפט שטיין פון אַ געוויסער דיסטאַנץ און וואַרטן ביז דאָס קינד וועט זיך ווענדן צו אים, אַז ער זאָל צו הילף קומען מיט זיין וויסן, מיט זיין דערפאַרונג, אָדער גאָר מיט זיין פיזישן כוח.

אפילו אין פאַל פון קריגערייען און געשלעגן, וואָס זיינען אַן אָפּטע דערשיינונג צווישן קינדער, איז דעם דערציערס אויפגאַבע נישט געווען צו זיין סתם אַ רודף־שלומניק. אויך דאָ איז נישט געווען געוווּנטשן זיין אינטערווענץ, בכדי צו זוכן אַן אויסגלייך אין דעם קאָנפליקט, נאָר לאָזןביידע צדדים זיך אויסלאַדעווען און דער סכסוך זאָל זיך לייזן אויף אַ נאַטירלעכן אופן.

לאָזט זיי צורו, און זיי אַליין וועלן שוין צווישן זיך אָמבעסטן דורכקומען — איז געווען קאָרטשאַקס לאָזונג. יעדער פּרווו פון אַריינמישן זיך פון אַ דערוואַקסענעם, קען פאַרערגערן דעם קאָנפליקט און אויפרייצן נאָך מער די צדדים.

דער דערציער האָט יאָ געדאַרפט אינטערווענירן, ווען דער אויסגעבראָכענער קאָנפליקט האָט געשטערט דעם נאָרמאַלן גאַנג פון הויז, אָדער האָט געשטעלט אין געפאַר זייערע מלבושים און אַנדערע זאַכן אַרום.

עס איז בכלל ביז גאָר אינטערעסאַנט די ראָל וואָס קאָרטשאַק האָט צוגעשריבן דעם דערציער.

וואָס איז אַ דערציער? — פלעגט ער פרעגן און אַליין ענטפערן:

— אַ דערוואַקסן קינד, נאָר מיט מער דערפאַרונג.

אַזאַ קינד האָט שוין מער ביכער געלייענט, מער געפאָרן, מער געזען, אָבער ס'איז נישט פּראַקטיש און נישט לאָגיש, אַז ער זאָל זיך אַרויסשטעלן מיט זיין ביסל וויסן און גרויסן זיך איבערן קינד און וועלן שפּילן די ראָל פון אַן אויטאָריטעט און אַלץ־קענער.

אויב גרויסן זיך מיט קענטעגישן, האָט אויך דאָס קינד זיינע גע־

ביטן אין וועלכע ער איז קאָמפּעטענטער און באַהאַוונטער פון זיין דער־ציער. ער קען, למשל, העכער פּייפן, פלינקער לויפן, בעסער שפּילן אין קנעפּ, אָדער אויף די קני יאָגן זיך אונטערן טיש. אויך די קענטעניש־זיינען נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט, זיי האָבן געקאָסט געגוג מי דעם קינד זיי צו באַהערשן.

און אויב קענטעניש — טאָ וויפל פראַגן זיינען פאַראַן ווען דאָס קינד פרעגט, און דער דערציער מוז ענטפערן: „איך ווייס נישט". טאָ וואָס איז פאַראַן זיך איבערצונעמען מיט וויסן? דאָס קינד באַגלייך מיטן דערציער האָבן זיך זייערע געביטן פון נישט וויסן.

פאַר קאָרטשאַקן איז אַ גוטער אָדער שלעכטער דערציער נישט באַ־שטאַנען אין דעם, צי איינער האָט איינגעשלונגען מער אָדער ווינציקער ביכער וועגן פּעדאַגאָגיע, צי וועגן קינדער־פּסיכאָלאָגיע. די הויפּט־קוואַ־ליטעט איז געווען פאַר אים די מאָס פאַרשטענדעניש, וואָס יעדער פון זיי האָט פאַרן קינד און די מיטלען מיט וועלכע זיי קענען אים נוצלעך זיין.

אָפּטמאָל מאַכן זיך סיטואַציעס, זייענדיק אין קאָנטאַקט מיט קינ־דער, ווען אַ דערציער קען מערער העלפן דעם קינד מיט זיינע דילעטאַנ־טישע קענטעניַשן אַלס שוסטער, צי גאָר אַלס שניידער, איידער מיט זיין גאַנצן וויסן, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן אין פאַרלויף פון יאָרן. עס טרעפט, אַז ס'איז נויטיק צו באַזייטיקן אַ טשוואָק פון אַ שיכל, וואָס צעבלוטיקט דעם קינדס פוס, אָדער מ'דאַרף צונייען אַ קנעפּל צום קינדס הייזלעך. דאָס איז אַזוי וויכטיק ווי קענען קינדער־פּסיכאָלאָגיע.

ווען איך וואָלט געדאַרפט האָבן גוטע לערער — פלעגט זאָגן קאָר־טשאַק מיט איראָניע — וואָלט איך זיי געזוכט אין גאַס, אומעטום, צווישן אַלע פאַכן, אַחוץ אין די לערער־סעמינאַרן...

זיין מאסשטאב, ווי געזאָגט, בנוגע גוטע לערער, איז נישט געווען וויסן, פּעדאַגאָגישע צוגרייטונג, נאָר באַציאונג און פאַרשטענדעניש פאַרן קינד.

ס'איז געווען קאָרטשאַקס באַליבטער און פּאָפּולערער זאָג: דער דער־

ציער דאַרף זיך נישט אַראָפּלאָזן צום קינד, נאָר דערהייבן זיך צו אים, צו זיין אַרט זען און באַנעמען.

מיט אַנדערע ווערטער מיינט עס: נישט זוכן תחבולות צוצופּאַסן דעם דערציאונגס־אָביעקט צו אונדז, נאָר מיר דאַרפן זיך צופּאַסן צו אים. נישט צופּאַסן דעם פוס צום שוך, נאָר קאַפּויר.

אָבער פאַר אַלעם דריקט דאָ אויס קאָרטשאַק מיט דעם זאָג, זיין הויכע מיינונג און פאַרערונג צום קינד.

## 10

יאָ, קאָרטשאַק האָט אידעאַליזירט און שיעור נישט פאַרהייליקט דאָס קינד, דערביי האָט ער אָבער נישט פאַרלוירן זיין גלייכגעוויכט. זיין פּראַקטישער חוש, דער חוש פאַר אָרגאַניזאַציע און דיסציפּלין, האָט אים געהאָלפן נישט פאַרלירן דעם פעסטן באָדן אונטער די פיס. ער האָט געקוקט מיט אַ רעאַלן און ניכטערן בליק אויף דעם אַרום און אויך אויפן קינד. ער האָט זיך נישט גענאַרט און נישט געלעבט אין אַ וועלט פון אילוזיעס בנוגע די דערציערישע מעגלעכקייטן.

קאָרטשאַק האָט גוט געוווסט, אַז פּונקט ווי צווישן דערוואַקסענע, איז אויך צווישן קינדער פאַראַן בייזוויליקייט. געווען אַ טיפּ קינדער אין יתומים־הויז, גאַסן־קינדער, וועלכע האָבן נאָר געוואַרט אויף אַ פּאַסיקער געלעגנהייט צו קאָנען אָנטאָן אַ צרה. אַזאַ קינד, ווען ער האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט אַ קלענערן און שוואַכערן פון אים, אין אַ זייטיק אָרט פון דער היים, האָט ער, אָן שום וואַקלעניש, אים דערלאַנגט מיט דער פויסט אין די ציינער, אָדער אין דער נאָז אַריין.

אַזאַ איינער פלעגט אויך אויסלאָדעווען זיין צעשטערערישן גייסט אויפן הויז גופא און זוכן אָנצוטון שאָדנס, דורך אויסהאַקן שויבן, אָדער אָפּרייסן די קייטעלעך פון די פענצטער און טירן.

ווען איך האָב די ערשטע טעג נאָך מיין אָנקומען אין יתומים־הויז זיך אָנגעטראָפן אויף די קינדער מיט צעשטערערישע נייגונגען, דורכ־אויס שעדלעך און געפערלעך פאַרן קאָלעקטיוו לעבן פון דעם אנשטאלט

— האָב איך, אַן אַלאַרמירטער, וועגן דעם אויפמערקזאַם געמאַכט קאָר־טשאַקן אין מײַנע טאָג־פֿאַרצייכענונגען.

דערויף האָט מיר קאָרטשאַק גאַנץ רואיק געענטפֿערט:

ער ווייסט אויך וועגן די קינדער, אָבער מיר מוזן זיך מיט זיי האַלטן, אַרויסשיקן זיי, וועט זײַן ערגער פֿאַר דער געזעלשאַפֿט און אויך פֿאַר זיי גופא. וואָס לענגער זיי וועלן דאָ פֿאַרבלײַבן מיט אונדז, בלײַבן זיי איזאָלירט און באַגרעניצט אין די מעגלעכקייטן צו אַנטוויקלען זייערע צעשטערערישע נייגונגען. יעדער טאָג איז אַ געווינס.

די דאָזיקע קינדער האָבן אונדז געצוווּנגען צו זײַן וואַך, האַלטן אַן אויג אויף זיי. נאָר אַלע דערציערישע מיטלען האָבן זיך דאָ אַרויסגעוויזן פֿאַר אומבאַהאָלפֿן און ווערטלאָז.

נאָר טשיקאַווע איז דאָס, אַז קאָרטשאַק האָט די שלעכטע קינדער, בנוגע וועלכע ער איז געווען אומבאַהאָלפֿן אַלס דערציער, אויך אויסגע־נוצט דערציעריש פֿאַרן קאָלעקטיוון לעבן פֿון דער קינדער־היים. זיי זײַ־נען געווען פֿאַר אים אַ וויכטיקער עלעמענט דערמיט, ווײַל זיי האָבן, לויט אים, געהאַט אַ פּאָזיטיווע ווירקונג אויף די אַנדערע קינדער. אַזעלכע נעגאַטיווע עלעמענטן צווינגען צו זײַן וואַך, צו היטן און פֿאַרטיידיקן זיך.

און קאָרטשאַק האָט דאָס אַרגומענטירט אויף זײַן שטייגער:

די וועלט, די געזעלשאַפֿט, אין וועלכער די קינדער וועלן דאַרפֿן מאָרגן לעבן און אַקטואירן, איז דאָך גאַנץ ווײַט פֿון צו זײַן אַן אידעאַלע און גערעכטע, טאָ וואָסער רעכט האָבן מיר צו פֿאָדערן אַז די קינדער געזעלשאַפֿט מוז זײַן כולו זכאי? דער־אָ צעשטערערישער, אָדער „שלעכט געשטימטער" עלעמענט גיט דער קינדער־געזעלשאַפֿט דעם נוי־טיקן קאָלאָריט פֿון אַ רעאַלער און מענטשלעכער געזעלשאַפֿט. זיי לער־נען זיך אויס צו היטן זיך באַצײַטנס פֿאַר די לויערנדע געפֿאַרן.

## 11

קאָרטשאַק האָט אַרויפֿגעלייגט אויפֿן דערציער אַ סך און שווערע פֿליכטן. דאָס איז ביז גאָר אַ שווערער געביט, וואָס פֿאָדערט אַ שלל פֿון

אַרבעט, פּלייס, ליבשאַפט און אידעאַליזם. אַנדערש, וועט די אַרבעט זיי־
נע נישט זיין אָנגעלייגט און וועט נישט געבן דעם רעזולטאַט וואָס מיר
דערוואַרטן.

און נישט נאָר פּליכטן, די אַרבעט גיט אויך דעם דערציער עכטע
פרייד און סאַטיספּאַקציעס. קען זיין נאָך אַ גרעסערע פרייד ווי די, אַז
דורך זיין אַרבעט און מי, גייען אויף נייע 200 מענטשלעכע לעבנס?

פאַר איין לעבן — 200 לעבנס. דאָס איז אַ גוט און לוינבאַר גע־
שעפט...

ביי דעם עקסטרעמען אידעאַליזם האָט אָבער קאָרטשאַק זיך נישט
געמאַכט קיין אילוזיעס. די דערציאונג האָט ער געוווסט איז באַגרעניצט
אין אירע מעגלעכקייטן. פאַראַן פאַלן אָן אַ צאָל, ווו דער איבערגע־
געבנסטער און אידעאַליסטישער דערציער וועט גאָרנישט אויפטון, און
בלייבט אומבאַהאָלפן. צו יעדער צייט האָט אונדז קאָרטשאַק אָנגעוויזן
אויף קינדער, וואָס וועלן אויסוואקסן שלעכטע מענטשן. זייער אַרט לעבן
און אויפפירן זיך אין אַנשטאַלט האָט דאָס פאָראויסגעזאָגט. מען האָט
אָבער גאָרנישט געקאָנט טון צו ענדערן די לאַגע.

די דערציאונג קען נאָר די בייזע און שפּיציקע אינסטינקטן אַביסל
פאַרטעמפּן, איינשטילן, אָבער נישט אויסרייסן. זיי בלייבן אייביק וואַך
און וואַרטן נאָר אויף אַ פּאַסיקער געלעגנהייט. קאָרטשאַק האָט זיך גע־
שראָקן פאַר די אייביק־וואַכע אינסטינקטן און געוואָרנט קעגן זיי.

האָט ער, דער פילבאַרער און גוטער מענטש, געהאַט עפּעס אַ ווייטע
אָנונג, עפּעס אַ פאָרגעפיל, אַז די דאָזיקע וואַכע, חיהשע אינסטינקטן
אינעם מענטשן, וועלן זיך אַמאָל אַ ריס געבן און זיי וועלן צעבלוטיקן
די וועלט און דערשטיקן אים — צוזאַמען מיט די יונגע לעבנס פון זיינע
קינדער?...

## 12

מיט אַ זעלטענער פאַרערונג און ליבשאַפט האָבן די קינדער זיך
באַצויגן צו אים, צו דעם וואָס איז געווען זייער דערציער און פאָטער,

מעדיקער און לערער, דירעקטאָר און גוטער חבר. דאָס איז געווען אַ באַ־ציאונג פון ליבשאַפט און חברשאַפט, גלייכצייטיק מיט פאַרערונג און טיפן רעספעקט.

ער איז געווען פאַר זיי דער דאָקטער, וואָס קען זיין אי שטרענג, אי מילד ביז גאָר; דער וואָס רעדט האַרבע, בייזע רייד, און דער, וועמען מען מעג גוט־ברודעריש זיך אַרויפכאַפּן אויף דער פּלייצע און געטראָגן ווערן פון אים איבערן זאַל — „אַ קעלבל צו פאַרקויפן".

די קינדער האָבן אים באַשאָנקען מיט זייער ליבשאַפט און צוטרוי. פאַר אַ דערציער מיינט עס גאָר אַ סך — די העכסטע דערגרייכונג און אויסצייכענונג. דאָס איז ווירקלעך געווען פאַר אים די גרעסטע און די איינציקע פאַרגיטיקונג פאַר זיין אַרבעט, ווייל קיין אַנדערע סאַטיס־פאַקציעס האָט ער אין לעבן נישט געהאַט.

ער איז געבליבן אַליין, נישט צוליב אַן אַנטוישטער ליבע, ווי עס פאַסירט, אָדער צוליב אַלט־בחורישע פּרינציפּן, פּרעטענזיעס, קאַפּריזן אָדער אומדעצידירטקייט, נאָר — צוליב זיין באַוווסטזיין, צוליב זיינע דערציערישע פליכטן.

ער האָט געוווסט, אַז דאָס אויפבויען זיך אַן אייגענע היים און פאַ־מיליע, וואָלט אים אָפּגעריסן פון די קינדער, ער וואָלט זיין ליבשאַפט געמוזט אַוועקגעבן זיינע אייגענע קינדער. איז ער בעסער געבליבן אַליין.

אָבער אַליין איז ער נישט געבליבן, ער האָט דאָך געהאַט אַ היים און קינדער... דאָס זיינען באמת געווען ז יי נ ע קינדער. קיין פאַ־טער אין דער וועלט האָט נישט מער רעכט צו זאָגן „מיין" קינד, ווי קאָרטשאַק אויף די קינדער פון זיין אַנשטאַלט. ער איז געווען די נשמה פון דער היים.

איך קען נישט פאַרגעסן אַן עפּיזאָד, וואָס איז מיר פאַרבליבן איינ־געקריצט אין זכרון, און וואָס דערציילט וועגן דער טיפער פאַרערונג פון די קינדער צו זייער פאָטער.

אין אַ געוויסן פּעריאָד האָט אויך קאָרטשאַק אָנגעפירט מיט אַ יתו־מים היים פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פּ. פּ. ס., אין פּרושקאָוו, ביי וואַרשע. צוויי מאָל אין דער וואָך פלעגט ער אַרויספאָרן

אַהין. איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז קאָרטשאַק האָט געליטן אויפן וועג אַ לייכטן אַקצידענט. ס'איז אים געפאַלן אין קאָפּ אַריין אַ שטיק גע־זימס פון אַ הויז, וואָס האָט אים פאַרוואונדעט און צעבלוטיקט.

מיר האָבן פון דעם אַלעם גאָרנישט געוווּסט. ס'איז שוין געווען אין אָוונט, ווען אַלע זיינען געזעסן אין עס־זאַל ביים נאַכט־עסן. אין זאַל, ווי נאַטירלעך, איז געשטאַנען דער שטענדיקער געזשום פון אַ פריידיקן בינשטאָק, נאָך אַ טאָג פון אַרבעט און כלערליי געשעענישן. אין דעם האָט זיך געעפנט די טיר פון זאַל און ס'האָט זיך אַריינגעשטעלט קאָר־טשאַק מיט אַ באַנדאַזשירטן קאָפּ.

מאָמענטאַל זיינען אַלע פאַרשטומט געוואָרן פון איבערראַשונג. די שמועסן און געלעכטערס, דער פריילעכער געקלאַנג פון גאָפּל־לעפל־מעסער — אַלץ איז פּלוצים אָפּגעשניטן געוואָרן. די קינדער זיינען גע־בליבן זיצן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם. אַלע האָבן געוועלט זייע־רע בליקן אַהין צו אים, צו קאָרטשאַקן, מיט האַסטיק קלאַפּנדיקע הער־צער — וואָס האָט אים פּאַסירט?

ווען ס'איז אַריבער די ערשטע איבעראַשונג האָבן אַלע ספּאָנטאַן פאַרלאָזט די טישן און אַרומגערינגלט קאָרטשאַקן מיט ציטער און צערט־לעכקייט. אַ סך אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט טרערן. אינדערמיט, אַרומגערינגלט פון דער גאַנצער קינדער־משפּחה און דערציער, איז גע־שטאַנען קאָרטשאַק אַביסל אַ פאַרלוירענער, און עס האָט געדויערט ביז ער האָט באַוויזן צו באַרויקן די קינדער, אַז ס'איז אים גאָרנישט, און ער האָט דערציילט וועגן דעם אַקצידענט וואָס האָט מיט אים געטראָפן.

טשיקאַווע איז, אַז קאָרטשאַק האָט זיך דערנאָך אָנגעגעבן אין גע־ריכט, פאַר האָבן, הייסט עס, איבערגעריסן און געשטערט דאָס נאַכט־עסן...

**\
*

דאָס בילד פון קאָרטשאַקן מיט דעם באַנדאַזשירטן קאָפּ איז מיר געבליבן פאַר די אויגן, און אַ מאָדנע אַסאָסיאַציע פאַרבינדט דאָס בילד מיט זיין שפּעטערן אומקום, מיט זיין ביטערן סוף.

אין דער לעצטער פּראָצעסיע איבער די וואַרשעווער גאַסן, פּאָרויס פון זיין מחנה קינדער — זע איך אים אַ צעבלוטיקטן, אין באַנדאַזשן. נישט נאָר זיין ליכטיקער קאָפּ, נאָר אויך זיין איידל האַרץ, זיין צאַרט וועזן האָט זיך געבאָדן אין בלוט.

וואָס האָט ער דעמאָלט געטראַכט, דער קלוגער קאָפּ, ווען ער איז געשטאַנען פּנים־אל־פּנים מיט מענטשלעכער רשעות און אַכזריות — וועגן מענטש און חיה, וועגן קינד און אידעאַליזם, בשעת ער האָט גע־שפּאַנט מיט זיינע קינדער צום „אומשלאג פּלאַץ״, צום טויט?

## 1

קראָכמאַלנע 92. דער אַדרעס פון קאָרטשאַקס יתומים היים, איז געווען גאָר אַ באַקאַנטער און חשובער פונקט אין דער אַמאָליקער יידישער וואַרשע, פאַר יידן ווי נישט־יידן.

אויף וויפל די קראָכמאַלנע גאַס איז געווען דער אַדרעס פון דער וואַרשעווער יידישער אָרעמקייט, מיט אַלע אירע פאָלגן, איז קראָכמאַלנע 92 געווען אַ נאָמען וואָס האָט געוועקט אָפּשיי און דרך־ארץ, אַן אויסדרוק פון דעם יידישן שעפערישן גייסט, פון דעם גרויסן, פילפאַרביקן און קערנדיקן פוילישן ישוב.

קראָכמאַלנע 92 איז געווען אַן אייגנאַרטיקער שעפערישער ווינקל פון דער אַמאָליקער יידישער וואַרשע. דאָס איז געווען אַ ווירקלעכע קינדער־רעפּובליק, וווּ די קינדער האָבן געלעבט זייער אייגענעם לעבן. אַ רעפּובליק מיט אַ קאָנסטיטוציע, מיט אַ פּאַרלאַמענט, געריכט און ריכטער, מיט אַן אייגענער צייטונג און פיל אַנדערע אינסטיטוציעס און איינפירן. די קינדער אַליין האָבן דאָ געטון די וויכטיקסטע אַרבעטן, אָן שום דרוק אָדער דראָונג, נאָר פרייוויליק.

און קאָרטשאַק איז געווען דער אומאָפּיציעלער פּרעזידענט פון דער קינדער־רעפּובליק.

דאָס איז אפשר געווען די איינציקע רעפּובליק אין אייראָפּע, צווישןביידע וועלט־מלחמות, וואָס איז געפירט געוואָרן אין אַן עכט דעמאָקראַטישן גייסט און וווּ עס איז נישט געווען קיין אנטיסעמיטיזם... אוז נאָך מער, פאַר די פערציק יאָר פון איר עקזיסטענץ האָט די רעפּובליק נישט געהאַט קיין איין שטאַטס־קלאַפּ...

נאָר די גייציקע און רשעותדיקע גערמאַניא האָט געלייגט איר בלוטיקע לאַפּע אויך אויף דער פרידלעכער רעפּובליק.

ד"ר קאָרטשאַק האָט זיך אידענטיפיצירט מיט דער קינדער רעפּוב־

ליק. ער האָט איר אָוועקגעגעבן זיין גאַנצע ענערגיע, וויסן, פעאיקייטן און זיין גאַנץ לייב און לעבן. קראָכמאַלנע 92 איז געוואָרן זיין לעבנס־ווערק. זיין גאַנצע באַגאַבונג אַלס מעדיקער און שרייבער, אַלס אידעאַ־ליסטישער דערציער און שאַרף־דענקנדיקער מענטש, זיינען דאָ געקומען צום אויסדרוק.

דאָס איז אַ ווערק וואָס ער האָט געבויט אין פאַרלויף פון צענדלי־קער יאָרן. טאָג־איין טאָג־אויס האָט ער צונויפגעטראָגן זאַמדל נאָך זאַמדל, מיט אַ זעלטענער ליבשאַפט. און דאָס ווערק איז פאַר קאָרטשאַקן נאָך אַלץ נישט געווען פאַרענדיקט. ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט ווייַ־טערע פּלענער און איניציאַטיוועס, געחלומט וועגן נייע איינפירן, נייע אויפטוען, ווי דאָס ווערק צו פאַרבעסערן.

דאָס איז געווען אַן אינסטיטוט פאַר אָבסערווירן און פאָרשן דאָס קינד, צו באַקענען זיך מיט זיין וועלט. ער האָט געהאַט צו הילף אַ שטאַב יונגע ענטוזיאַסטישע מיטאַרבעטער, סטודענטן, צוקונפטיקע לערער. דאָס אַרבעטן אונטער קאָרטשאַקס השגחה איז געווען פאַר זיי אַ זכות.

זעענדיק קאָרטשאַקן ביי זיין טאָג־טעגלעכער אַרבעט איז מען גע־וואָרן זיינער אַ הייסער חסיד. די פאַרערונג צו אים האָט אַזש, אין אַ גרויסער מאָס, פאַראַליזירט אונדזער איניציאַטיוו, און דאָס האָט אים אויף אַן אמת ווי געטאָן.

## 2

פון גאַנץ וואַרשע קומט מען צו קאָרטשאַקן, ווי צו אַ גוטן יידן, אויף קראָכמאַלנע 92, צו באַראַטן זיך וועגן דעליקאַטע דערציאונגס־פראַגן. מאַמעס ברענגען אַהין זייערע געראָטענע אָדער אומגעראָטענע, היפּערשטעליקע קינדער, אַז ער, דער ווונדערלעכער ד״ר קאָרטשאַק, דער „בעל מופת״, זאָל מאַכן פון זיי אַ לייט, זאָל אָריענטירן וואָס צו טון.

לערער און דערציער פון דער פּראָווינץ, וועלכע געפינען זיך צייט־

ווייליק אין וואַרשע, כאַפּן זיך אַריין אויף קראָכמאַלנע 92, עפּעס אַ נאַש טון ביי קאָרטשאַקן — באַקענען זיך מיט דער באַרימטער קינדער־היים, וועגן וועלכער זיי האָבן שוין געהערט און געלייענט.

דורך קראָכמאַלנע 92 האָט קאָרטשאַק פאַרבונדן זיין לעבן מיט דעם גורל פון די אָרימע יידישע קינדער, און ער איז געבליבן זיי טריי ביז צום סוף.

קאָרטשאַק האָט נישט געהאַט קיין באַזונדערע יידיש־נאַציאָנאַלע סענטימענטן. די לעצטע צען יאָר פון זיין לעבן, אונטערן איינפלוס פון בלוטיקן היטלעריזם, האָט ער זיך געביטן און ער איז געוואָרן אַ באַ־וווסטזיניקער ייד, אָבער אין יענע יאָרן צווישן 1930 — 1925 איז ער געווען ווייט פון די פּראָבלעמען.

זיין וועלט איז געווען דאָס קינד, זיינע אַלע שטרעבונגען און אַמ־ביציעס זיינען געווען מיט אים פאַרבונדן. אַלע קינדער זיינען אים באַ־גלייך ליב און טייער געווען, און וואָלט ער געוווסט, אַז ער וועט אויף דער לבנה געפינען בעסערע באַדינגונגען פאַר די קינדער, וואָלט ער, אָן וואַקלענישן, אַריבערגעפירט זיין קינדער־היים אַהין.

דאָך האָט ער געהאַט אַ באַזונדערן סענטימענט פאַר אונדזער קינד. זינט ער איז געקומען אין קאָנטאַקט מיט אונדזער קינד פון די אָרעמסטע יידישע היימען, האָט ער אים ליב באַקומען. ער איז אים באַענט און אייגן געוואָרן; הגם ער האָט נישט גערעדט אויף זיין שפּראַך.

די אומגאַנג שפּראַך אין דער קינדער־היים איז געווען פּויליש, און הגם קאָרטשאַק האָט זיך געגעבן רעכענונג אַז די קינדער ליידן צוליב דעם שפּראַך איבערגאַנג, איז ער געווען אומבאַהאָלפן צו ענדערן דעם איינגעשטעלטן סדר. ס'איז דערפאַר, ווייל קאָרטשאַק אַליין האָט גע־לעבט און געאָטעמט אין דער פּוילישער שפּראַך און דער איבערגאַנג וואָלט אים אָנגעקומען שווער.

ס'איז אויך געמאָלט, אַז די ווילטעטיקע געזעלשאַפט וואָס האָט געזאָרגט פאַרן אויסהאַלט פון דער היים און איז באַשטאַנען פון אַסי־מילירטע וואַרשעווער יידן, האָבן נישט דערלאָזט אַז די שפּראַך פון

קראָכמאַלנע 92 זאָל זיין יידיש. זיי, די אַסימילאַנטן, האָבן אָבער גע־האַט אַ סך פאַרשטענדעניש און רעספּעקט פאַר קאָרטשאַקן און ער האָט געהאַט די פולסטע פרייהייט צו איינאָרדענען די היים לויט זיין קרי־טעריום און פאַך־קענטעניש. זיי האָבן זיך לחלוטין נישט געמישט אין דער אָנפירונג און אינערלעכע ענינים פון אַנשטאַלט.

עס דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אַז קאָרטשאַק האָט געהאַט אַ סך באַ־ציאונג צו יידיש און ער האָט מיט דער צייט איינגעפירט אין דער היים אַ קורס פאַר יידיש און אויך העברעאיש, כדי די קינדער זאָלן נישט אי־בערייסן מיט זייער שפּראַך.

3

קאָרטשאַק און זיין לעבנס־ווערק, קראָכמאַלנע 92, האָבן אַרויסגע־רופן אנערקענונג און רעספּעקט אין וואַרשע און זיי זיינען באַקאַנט גע־ווען איבער גאַנץ פּוילן און אויך מחוץ אירע גרעניצן.

די פיל הונדערטער קינדער, וואָס זיינען דערצויגן געוואָרן אין דער יתומים־היים, און פון וועלכע אַ סך פון זיי האָבן שפּעטער אויסגע־וואַנדערט אין נאָענטע און ווייטע לענדער, האָבן מיטגעפירט מיט זיך וואַרעמע דעראינערונגען פון זייער פאָטערלעכן דערציער. ביי יעדער גע־לעגנהייט האָבן זיי אים דערמאָנט מיט פאַרערונג און אויך אָנגעהאַלטן אַ בריוולעכן קאָנטאַקט מיט זייער אַמאָליקער היים. אַזוי אַרום, איז קראָכמאַלנע 92 און איר בויער, באַקאַנט געוואָרן איבער דער גאָרער יידישער וועלט.

קאָרטשאַק אַליין איז געווען דער ליבלינג פון דער אַמאָליקער אינ־טעלעקטועלער וואַרשע, אי אַלס דערפאָלגרייכער שרייבער, אי אַלס פּראָפעסאָר און גלענצנדיקער לעקטאָר. די צוהערער פון זיינע רעפע־ראַטן זיינען לאַנג געבליבן אונטער דעם איינדרוק פון זיינע טרעפלעכע, אָריגינעלע געדאַנקען, פּקחותדיקע און הומאָרפולע באַמערקונגען, געזאָג־טע מיט תמימות, מיט נאַאיוויטעט און חן.

אויך אין די פּוילישע אָפיציעלע קרייזן האָט מען אָפּגעשאַצט קאָר־טשאַקס ווערק און אים אַרויסגעוויזן באַציאונג. עס פלעגן אָפט קומען צו קאָרטשאַקן, אין געסט, אויף קראָכמאַלנע 92, אַרמיי־אָפיצירן פון פאַרשידענע ראַנגן, מיט וועלכע ער האָט אָנגעהאַלטן באַציאונגען זינט ער האָט אין 21־סטן יאָר זיך באַטייליקט אין דער אויפגעקומענער פּוי־לישער אַרמיי אַלס מעדיקער, מיטן ראַנג פון קאַפּיטאַן.

ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן האָט קאָרטשאַק באַקומען פאָרשלאָגן פון דער פּוילישער רעגירונג זיך צו שטעלן ביי דער אָנפירונג פון די קינדער־היימען. זיי האָבן געוואָלט אויסבויען לויט זיינע אָנווייזונגען אַ גרויסע היים פאַר קינדער אין אַ פאַרק־געגנט הינטער וואַרשע און מיט וועלכע ער זאָל אויך אָנפירן.

קאָרטשאַק האָט אָבער נישט געוואָלט פאַרלאָזן זיינע קינדער אויף קראָכמאַלנע 92, די קינדער פון יידישער אָרימקייט. קאָרטשאַק האָט שוין געהאַט באַשלאָסן אַז זיין לעבן זאָל בלייבן פאַרבונדן מיטן גורל פון אונדזערע משהלעך און דבורהלעך.

4

פאַר אַ זייטיקן מענטשן איז קוים מעגלעך זיך פאָרצושטעלן ווי שווער עס איז דאָס איינאָרדענען אַ קינדער־היים און מיט וויפל פראָב־לעמען דאָס איז פאַרבונדן. די זאָרגן און שוועריקייטן פון דערציען איין קינד אין אַ פּריוואַטער היים, דאַרפן דאָ געטאָפּלט ווערן אויף 200. אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ, ווייל די אַטמאָספער איז דאָ דורכאויס אַנ־דערש ווי אין אַ פּריוואַטער היים.

מען דאַרף נעמען אין אַכט, אַז די קינדער אין יתומים־היים קומען פון פאַרשידענע שטיבער, פון פאַרשידענע סביבהס. יעדער פון זיי ברענגט מיט טראַדיציעס, געוווינהייטן, נויגונגען און שטימונגען. די קינדער, הגם זייער קומען אַהער איז אַ רעזולטאַט פון זייערע צעשטער־טע היימען, זיינען זיי דאָך צווישן זיך מערסטנס אין פיינטלעכע באַ־ציאונגען.

באַזונדערס קען דאָס געזאָגט ווערן וועגן די פאַרשיידענע קלאַסן קינדער.

פאַר אַלעם — דער יתום, אָדער האַלבער יתום, וועמענס היים איז צעבראָכן געוואָרן, אַפילו אויב ער האָט נאָך ערגעצוווּ אַן אַלטן טאַטן אָדער צעבראָכענע מאַמע. די קינדער, פילבאַרע, נאַטירלעכע, לעבן נאָך מיט די דעראינערונגען פון זייערע היימען און טראָגן איבער שווער דעם איבערגאַנג, דאָס אַריינפּאַסן זיך אין אַן אַנדער לעבן, אַן אַנדער וועלט.

אין אַ שטאַרקן קאָנטראַסט צו זיי איז דאָס אַזוי גערופענע גאַסן־קינד, אַ קינד אָן טראַדיציע, אָן היים־בענקעניש, אָן יעדן פונק פון סענטימענטאַלקייט. זיין לעבן הייבט זיך אָן פון אַ געפונען פעקל הינטער אַ באַנק אין פאַרק, אָדער אין אַ וואקזאַל.

ער ווייסט נישט וואָס עס איז וויינען. זיינע טרערן, ווייסט ער, האָבן קיינמאָל אויף קיינעם נישט געמאַכט קיין רושם. האָט ער פון גאָר פרי אָן פאַרלאָזט דאָס מיטל, צו באַנוצן זיך מיט טרערן. ער וויינט נישט. דאָרט ווו ער קאָן נישט דערגרייכן מיט זיין געוואַגטקייט, מיט זיין פויסט, גיט ער זיך אונטער, רעזיגנירט ער.

דער־אָ טיפּ קינדער, די סאַמע באַוווּסטע פון אונדזער געזעלשאַפט, טראָגט שטילערהייט אַן אונטערבאַוווּסטזיניקע שנאה צו די אַנדערע צעפּעסטעטע קינדער פון היימען, און ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער די שנאה זיינע דעמאָנסטרירט.

און אַחוץ די הויפּט־טיפּן, איז יעדעס קינד ממש אַ וועלט פאַר זיך. אַזויפיל פאַרשיידנאַרטיקע כאַראַקטערן און טעמפּעראַמענטן. ווער פון זיי עס לעבט־אויף אין דעם קינדער־מוראַשניק, וואָס האָט געמאַכט אַ סוף צו זיין איינזאַמקייט, און ווער פון זיי עס זוכט דאָ די איינזאַמקייט און באַהאַלט זיך אויס אין די אָפּגעזונדערטע ווינקעלעך פון הויז.

און פון דער אַזוי פאַרשיידנאַרטיקער און קאָלירפולער מחנה דאַרף מען שאַפן אַן איינהייטלעכע געזעלשאַפט מיט איין לעבנס־נאָרמע — איין משפחה. זיי אַלע דאַרפן זיך צופּאַסן און אַריינפּאַסן אין אַ שטרענגן

און דיסציפּלינירטן לעבן פון קאָלעקטיוו. דאָס איז ווירקלעך אַ שווערע אויפגאַבע.

דערצו זיינען פאַראַן די ספּעציפישע ייִנגלעך־ און מיידלעך־פּראָבלעמען פון אַ געמישטער היים, פּראָבלעמען וואָס פאָדערן אַ סך פאַרזיכטיקייט און טאַקט.

די יתומים־היים איז געווען אַ פּראָדוקט פון אַ סך יאָרן פּלייסיקער אַרבעט, פון כסדרדיקן בויען און שאַפן, איניציאַטיוו און אידעאַליזם. יעדער בייער איינפּיר האָט זיך אָנגעטראָפן אויף אַן אַלגעמייבער ויעזיסטענץ און אומצוטרוי מצד די קינדער. זיי האָבן חושד געווען אַז דאָ ליגט באַהאַלטן עפּעס אַ מיין, אַ פּאַסטקע.

ווען קאָרטשאַק האָט איינגעפירט דאָס קינדער־געריכט, איז די ביי־געשאַפענע אינסטיטוציע באַיקאָטירט געוואָרן פון די מערסטע קינדער פון הויז. און די וואָס האָבן יאָ געוואַגט צו באַנוצן זיך מיטן געריכט — די שוואַכערע — זיינען באַטראַכט און באַהאַנדלט געוואָרן פון די אַנדערע ווי פאַרעטער, „קאָלאַבאָראַציאָניסטן“...

אין יעדן פאַל האָט זיך געפאָדערט זייער אַ סך געדולד, ליבשאַפט, איינפאַל, טאַקט און אויסדויער.

## 5

אַ באַזונדער שווער פּראָבלעם פאַר דער היים איז געווען דאָס נייע קינד, דער ערשט־אָנגעקומענער אימיגראַנט. דער איבערגאַנג פון דער אָרעמסטער היים ביז צום נייעם לעבן פון אַנשטאַלט, איז פאַרבונדן פאַרן יונגן קינד מיט אַ שווערן און פּיינלעכן אַקלימאַטיזירונג־פּראָצעס.

דאָס איז אַ פּעריאָד פון בענקעניש, טרויער, דעפּרעסיע, און ס׳איז די אויפגאַבע פון דערציער צו פאַרגרינגערן דעם קינד, פאַרקירצן, פאַרלייכטערן דעם פּראָצעס. ווי אַזוי אָבער מאַכט מען עס?

קאָרטשאַק האָט באַוויזן אין דעם פאַל זיך אַרויסצוהעלפן מיט די איינגעבירגערטע שוין קינדער פון דער היים. און וואָס אַן אמת, די קינ־

דער האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין גלענצנדיקע דערציער. זיי האָבן די פּאַסיקע שפּראַך און דער עיקר — דעם צוטרוי ביי דעם נייעם קינד. זיי, די קינדער, די יונגע דערציער, האָבן איינגעשפּאַרט די „אימיגראַנטן" אַ סך אומאַנגענעמלעכקייטן און שמערצלעכע איבערלעבונגען.

דאָס באַנוצן זיך מיטן קינד וואָס אָפּטער און אַריינציען אים אין בשותּפותדיקער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, איז בכלל געווען איינער פון קאָרטשאַקס דערציערישע פּרינציפּן, און מיט אַ סך דערפאָלג האָט ער עס אָנגעווענדט אין דער פּראַקטיק.

עס אימפּאָנירט אומגעהויער דעם קינד דאָס אַרויפלייגן אויף אים אחריות, און ער פלייסט זיך דעמאָלט צו טון די זאַך גוט און געוויסנ־האַפט. דאָס פאַרלאָזן זיך אויף אים, איבערגעבנדיק אים דורכצופירן אַ געוויסע מיסיע, איז פאַרן קינד אַ פאַרווירקלעכונג פונעם באַגער צו זען זיך מיט לייטן גלייך — אַ דערוואַקסענער. די ספּעציפישע באַציאונג פון דערוואַקסענעם צום קינד האָט באַשאַפן אין אים אַ געפיל פון מינ־דערווערטיקייט, און דורך אַריינציען דאָס קינד אין געמיינזאַמער אַר־בעט און אחריות, ווערט ער אויסגעהיילט פון דעם קאָמפּלעקס.

**
*

קראָכמאַלנע 92 איז געווען קאָרטשאַקס באַליבט לעבנס־ווערק, און ווי אַלע עכטע קינסטלער און שעפער, האָט ער כסדר געזוכט זיין ווערק אויסצובעסערן און פּערפעקציאָנירן.

בכלל, איז ער נישט געווען קיין גרויסער אָנהענגער פון יתומים־היימען. זיין מיינונג איז געווען, אַז די אידעאַלסטע קינדער־היים, קען נישט קאָנקורירן מיט דער אָרעמסטער און ערגסטער פּריוואַט־היים, וועלכע האָט אַן אייגענע און ווירקזאַמע אַטמאָספער פון דערציערישן ווירקן, וואָס די קאָלעקטיווע היים האָט נישט. מער נישט, מען דאַרף באַטראַכטן די יתומים־היים ווי אַ נויט־ און דערזאַץ־דערציאונג. און מ'דאַרף טון דאָס בעסטע אויסצובעסערן דעם סיסטעם.

האָט זיך קאָרטשאַק דעריבער פערמאַנענט אַרומגעטראָגן מיט פּלע־נער, פּראָיעקטן, איניציאַטיוועס ווי אויסצובעסערן די היים, מאַכן זי אנגענעמער און צוגעפּאַסטער פאַרן קינד.

אַזוי, למשל, האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן אויסצובויען אַ ספּעציעלן פּאַוויליאָן פאַר גאָר יונגע קינדער, וואָס זאָל זיין אין פּראָ־פּאָרץ צו זייער פיזישער הויך. מערסטנס ווערן געבויט די קינדער־היימען לויט דער מאָס פון דערוואקסענע מענטשן, און עס פאַלט אונדז גאָרנישט איין, אַז אַ קינד פילט זיך פאַרלוירן, דערשראָקן און אומהיימ־לעך אין אַ הויכן זאַל, לויט דער מאָס און השגות וואָס זיינען אים פרעמד. דאָס קינד דערפילט דאָ נאָך שטאַרקער זיין קליינקייט, זיין נישט דערוואקסנקייט, וואָס פלעגט זיין מינדערווערטיקייט־געפיל.

קאָרטשאַק האָט דאָס געוואָלט גוט מאַכן, און ער האָט געגרייט אַ פּלאַן פון אַן אידעאַלער היים פאַר קינדער, אַ היים אַזאַ, וואָס זאָל נע־מען אין אַכט אַלע מעגלעכע פאַקטאָרן, וואָס קאָנען האָבן אויפן קינד אַ וועלכע ס'איז ווירקונג.

ווען איך זאָל איצט דאַרפן אויסבויען אַזאַ יתומים־הויז — האָט ער אָפּטמאָל באַרירט די טעמע אין אַ שמועס — וואָלט איך געוווסט ווי אויסצונוצן די באַקומענע דערפאַרונג אין דער היים און וואָלט איינגע־פירט אַ סך ענדערונגען. פאַר אַלעם, וואָלט איך אויסגעמיטן אויפצו־בויען די גרויסע קאַזאַרמאָווע שלאָף־זאַלן און וואָלט בעסער איינגע־פירט קלענערע צימערן, פאַר 2 און 4 קינדער, אַזוי ווי אין אַ האָטעל, מיט אַ קאָרידאָר אינמיטן.

דאָ איז גאָרנישט געווען פאַרענדיקט, שוין אָפּגעשלאָסן, נאָר — אין פּראָצעס פון ווערן, זוכן, לערנען, אָנקלייבן דערפאַרונג.

מאָרגן — איז געווען זיין לאָזונג — וועלן מיר וויסן מער און פאַר־שטיין בעסער ווי היינט.

לעבן מיינט — שטענדיק און כסדר לערנען, פאַרפולקאָמען זיך.

## 6

די דערציער האָבן געבילדעט אַ מין נאַציאָנאַלע מינדערהייט אין דער קינדער־רעפּובליק. קיינער פון די דערציער, אפילו נישט קאָרטשאַק, איז געווען אין אַ פּריווילעגירטער לאַגע אין פאַרגלייך מיט די קינדער. ווי איינוווינער פון דער קינדער־רעפּובליק, זיינען זיי געווען אונטערגע־וואָרפן די זעלבע געזעצן און פליכטן. מ׳קען זאָגן, אַז ס׳איז געווען צו די דערציער אַ טאָלעראַנטע באַציאונג, אָבער אָן באַזונדערע פּריווי־לעגיעס.

די דערציער האָבן נישט געטאָרט אַריינמישן זיך דירעקט אינעם לעבן און אויסלעבן זיך פון די קינדער, אויב זיי אַליין האָבן דאָס נישט פאַרלאַנגט. דער דערציער האָט געדאַרפט זיך היטן מיט זיינע האַנד־לונגען, נישט באַצייכנט צו ווערן ווי אַ „פּערסאָנאַ נאָן גראַטאַ".

און דאָס איז אויך געווען קאָרטשאַקס פּאָזיציע אַלס דירעקטאָר און פאָטער פון דער היים. לויט אונדזערע באַגריפן דאָ וועגן אַ דירעקטאָר, איזווירקלעך שווער זיך פאָרצושטעלן קאָרטשאַקס פונקציע אין דער קינ־דער־היים. אין זיין גרויסן אַרבעט־כאַלאַט, וועלכן ער האָט כמעט קיינ־מאָל נישט אויסגעטון, איז אים קיין אַרבעט נישט צו שווער געווען. אַ גרויסער טייל פון די שעהן פון טאָג איז ער געווען מיט די קינדער, גע־טאָן זיין באַשטימטע אַרבעט, צי געשפּילט זיך מיט זיי, אָדער געטאָן וואָס עס האָט זיך נאָר געמאַכט.

נישט געווען פאַר אים וויכטיקע און אומוויכטיקע זאַכן אינעם לעבן פון דער קינדער־היים. אַלץ האָט ער באַטראַכט פאַר וויכטיק, אומגע־הייער וויכטיק.

ער פלעגט עס אילוסטרירן מיט דעם פאַל: וואָס באַדייט אַ פּאַ־פּירל וואָס מען וואַרפט אַוועק אויפן זאַל, אָדער אויפן הויף? דאַכט זיך, קיין שום באַדייט נישט. אַ קלייניקייט. אינעם לעבן אָבער פון אַ קאָ־לעקטיוו איז די זאַך אינגאַנצן אַנדערש. ווען יעדער פון די 200 איינ־וווינער פון דער קינדער־היים, וועט אַוועקוואַרפן נאָר איין נישטיק פּאַ־פּירל אַזאַ — וועט דערפון אויסוואַקסן אַ באַרג מיט מיסט.

אַ סך אויפמערקזאַמקייט האָט, למשל, קאָרטשאַק געשאָנקען דעם געביט פון פוצן די שיך. ער אַליין האָט זיך דערמיט פאַרנומען און ער איז געווען דער שיך־פוצער פון די קלענערע קינדער. ער האָט זיי געלערנט ווי אַזוי מען קאָן גיך זיך אָפּפוצן די שיך, פאַרנוצנדיק דערביי ווינציק פּאָמאַדע. ער האָט עס געהאַלטן פאַר גאָר אַ וויכטיקן געביט, וואָס ער האָט קיינעם פון די דערציער נישט געוואָלט אָפּטרעטן.

ווען יעדער פון די קינדער — האָט קאָרטשאַק אַרגומענטירט — וועט נאָר צו עטלעכע מאָל מער ווי מען דאַרף איינטינקען דאָס בערשטל אין דער פּאָמאַדע, וועט מען פאַרברויכן איבעריקע 5—4 שאַכטלען שו־וואקס. ווען אנשטאט די 5 מינוט וואָס עס דאַרף דויערן אָפּפוצן זיך די שיך, וועט מען פאַרנוצן נאָך עטלעכע מינוט, מיינט עס אַ פאַרלוסט פון עטלעכע שעה פאַרן קאָלעקטיוו, וועלכע וואָלטן בעסער געקאָנט פאַר־ווענדט ווערן אויף אַרבעט, שפּילן זיך, אָדער שפּאַצירן.

אין צוזאַמענהאַנג מיט ד״ר קאָרטשאַקס פונקציע אַלס שיך־פוצער, געדענק איך אַזאַ פאַל:

קאָרטשאַק איז געזעסן אויף אַ נידעריק בענקל ערגעץ אין אַ ווינקל פון גרויסן זאַל, אַריינגעטון מיט לייב און לעבן אין דער פונקציע פון אַ געניטן שיך־פוצער. ער איז געווען אַרומגערינגלט פון קינדער, מיט זייער געלעכטער און געפּילדער, אַז מ׳האָט אים אינגאַנצן נישט אַרויס־געזען.

ס׳איז אַריינגעקומען אין זאַל אַן עלעגאַנטע דאַמע, מיט אַ ייִנגל, און זי פרעגט זיך ביי מיר אויף ד״ר קאָרטשאַק. די פרוי האָט מיר דער־לאַנגט איר וויזיט־קאַרטל און איך האָב עס צוגעטראָגן קאָרטשאַקן.

די דאַמע איז אָבער געווען אומצופרידן פון מיין האַנדלונג. איך האָב בעסער געדאַרפט געבן איר וויזיט־קאַרטל קאָרטשאַקן אַליין... — האָט זי מיר געזאָגט.

זי האָט בשום אופן נישט געגלויבט, אַז דער שיך־פוצער, וואָס זיצט דאָרט אויף דער ערד, איז עס דער אַזוי באַרימטער ד״ר קאָרטשאַק, דער דירעקטאָר פון יתומים־הויז. און נאָך גרעסער איז געווען איר איבע־

ראַשונג ווען ד״ר קאָרטשאַק האָט איבערגעריסן זיין אַרבעט, איז אויפ־געשטאַנען פון בענקל און איז צוגעקומען צו דער פרוי, אַן אויסגעשמיר־טער, מיטן בערשטל אין דער האַנט און זיך פאָרגעשטעלט.

די פרוי איז געבליבן געפּלעפט פון איבעראַשונג: איז מעגלעך אַז דאָס איז ער טאַקע, וועגן וועמען מען דערציילט אַזויפיל וואונדער?

## 7

קאָרטשאַק איז געווען די נשמה פון דער היים. אין יעדן ווינקעלע פון דער קינדער־רעפּובליק האָט מען געפילט זיין אָטעם, זיין פּערזענ־לעכקייט. דאָס איז געווען אין פּולן באַגריף פון דעם וואָרט אַן אינסטי־טוט צו פאָרשן און דערקענען דאָס קינד.

ער איז נישט מיד געוואָרן צו זוכן נייע איניציאַטיוועס, נייע איינ־פירן, וואָס זאָלן דערציעריש בעסער, טיפער ווירקן אויפן קינד, אים באַ־קוועמער מאַכן דאָס זיין אין דער היים, אָדער וועלכע זאָלן גלייכצייטיק דערמעגלעכן צו קאָנען טיפער אַריינבליקן אין דעם קינדס אינערלעכער וועלט.

איך וועל זיך דאָ אָפּשטעלן נאָר אויף איין געביט, מיט וועלכן קאָרטשאַק אַליין האָט פּערזענלעך אָנגעפירט און וואָס האָט געגעבן אַ שלל פון ווערטפולער אָבסערוואַציע און דערפאַרונגען וועגן די אינטימ־סטע געפילן פון קינד.

דאָס איז געווען דער רעליגיעזער מאָמענט, דער ענין פון דאַוונ־נען. אָפּהיטנדיק דעם פּרינציפּ פון נישט אָנוואַרפן זיך דעם קינד מיט שטרענגע פאַראָרדענונגען, איז אויך דאָ אָפּגעהיט געוואָרן אַ פולקאָ־מע פרייהייט. דאָס קינד האָט געמעגט בנוגע די רעליגיעזע געפילן זיי־נע האַנדלען פריי, לויט ווי עס דיקטירט אים זיין שטימונג, זיין געוויסן, אָדער אימפּולסן.

דער ענין פון דאַוונען איז דאָ אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַזאַ אופן:

יעדן אָנהויב חודש איז אַרויסגעהאָנגען געוואָרן אַ ליסטע אין זאַל, מיט אַן איבערשריפט „ווער וויל דאַווענען?" עטלעכע טעג איז געהאָנגען די ליסטע און די קינדער, אָן שום דרוק אָדער וועלכן עס איז איינפלוס, האָבן זיך פאַרשריבן:

איך וויל דאַווענען — יאַנקוש.

איך וויל דאַווענען — אברהמל.

איך וויל נישט דאַווענען — איצוש.

איך וויל נישט דאַווענען — כאַנקא.

דאָס דאַווענען איז געווען פאַרבונדן מיט אַ שטיקל קרבן, ווייל די דאַווענערס האָבן געדאַרפט אויפשטיין אַביסל פריער. יעדער איינער האָט געדאַוונט פאַר זיך, ביחידות, און קאָרטשאַק, דער וואָס האָט אָנגעפירט מיטן דאַווענען, האָט געהאַט מער די פונקציע פון אַ באַגלייטער און שטילן אָבסערוואַטאָר, איידער פון אַ בעל־תפילה.

אָן דעם, אַז די קינדער זאָלן זיך צומאָל געבן רעכענונג דערפון, האָט קאָרטשאַק יעדן טאָג פאַרגליכן די רשימה פון די וואָס ווילן דאַווענען מיט די ווירקלעכע מתפללים. בכלל האָט זיך דאָ געפאָדערט אַ סך פאָרזיכט און דיסקרעטקייט, כדי נישט צו פאַרווונדן מיט דער אָבסערוואַציע די אינטימע געפילן פון קינד, ווען ער איז זיך מתיחד מיט זיין איך, אָדער מיט גאָט.

און אָט וואָס קאָרטשאַק האָט פעסטגעשטעלט:

קינדער, וועלכע האָבן זיך פאַרשריבן אַז זיי ווילן דאַווענען, זיינען נישט געקומען צום דאַווענען. און ווידער קאַפּויר, די, וועלכע האָבן זיך אָפּן דערקלערט אַלס אַטעאיסטן, זיינען דווקא יאָ געקומען דאַווענען.

וואָס באַדייט אַזאַ דערשיינונג? פאַר אַלעם, דאַרף עס נישט אויסגעטייטשט ווערן ווי אַן אָפּנאַרעריי מצד דעם קינד. ער האָט קיינעם נישט אָפּגענאַרט און קיינעם חלילה באַשווינדלט, ער האָט נאָר געביטן זיין מיינונג, אָבער דאָס זאָגט נאָך נישט וועגן זיין גרונט־באַציאונג צום דאַווענען בכלל. דערמאָלט, בשעתן פאַרשרייבן זיך אויף דער ליסטע, איז ער געווען אַזוי געניגט, אַזוי געשטימט, און דערנאָך האָט ער זיך מישב געווען, אַזוי איז אים באַקוועמער.

און דער אמת איז, אַז דאָ האָט קיינער נישט געהאַט קיין טענות צום קינד, אויב זיין האַנדלונג איז דערנאָך געווען אַנדערש, ווי ער האָט זיך פאַרשריבן. וויכטיק איז אָבער, אַז די ענדערונגען אין די שטימונגען פון קינד זיינען נישט געקומען אַזוי פון זיך. עס זיינען געווען פאַקטאָרן וואָס האָבן געווירקט.

דאָס וועטער האָט זיך דאָ אַרויסגעוויזן צו זיין אַ וויכטיקער פאַק־טאָר אין באַאיינפלוסן די שטימונגען פון קינד. דאָס איז אויך גילטיק בנוגע דערוואקסענע. אין שיינע, זוניקע טעג, איז די צאָל דאַווענערס גע־פאַלן ביז אַ מינימום, פונקט ווי זי איז געשטיגן אין די פאַרכמאַרעטע טעג, ווען דאָס וועטער איז טריב און רעגנדיק.

ס׳איז אויך פאַרשטענדלעך, אַז די פיזיש־שוואַכערע קינדער, הינ־קענדיקע אָדער מיט אַנדערע מומים, אָדער די פאַרפאַלגטע, די אַזוי גע־רופענע „קרבנות" פון דער געזעלשאַפט, זיינען געווען צווישן די געטרייע דאַווענערס. דאָס דאַווענען, דאָס פאַרבונדן זיך מיט אַ העכערע קראַפט, איז פאַר זיי אַן אָנשפּאַר, אַ טרייסט.

אין דער אָבסערוואַציע אַלס בעל־תפלה האָט קאָרטשאַק אויך פעסט־געשטעלט, אַז דער געפיל פון רעליגיע מאַניפעסטירט זיך ביים קינד גע־מיינזאַם מיט דער בענקעניש נאָך היים. דאָס קומען צום דאַווענען איז פאַר די מערסטע קינדער געווען אַ מיטל אָנצוהאַלטן דעם סענטימענט פאַר זייער אַמאָליקער היים און זייערע נאָענטע. אויך זיין טאַטע האָט געדאַווענט...

דערפאַר זיינען די פאַרביסענע „אַטעאיסטן" צווישן די קינדער — די גאַסן־קינדער. זיי האָבן פּרינציפּיעל נישט געוואָלט דאַווענען און זיך באַצויגן מיט ביטול צום גאַנצן ענין.

גאַסן־קינדער זיינען פריי פון יעדער רעליגיעזער בענקעניש און בכלל פון בענקענישן, ווייל דער באַגריף פון היים איז זיי לחלוטין פרעמד. די אומשטענדן, אין וועלכע זיי איז אויסגעקומען צו לעבן, אָנהייבנדיק פון די ערשטע טעג פון זייער עקזיסטענץ, האָט זיי פאַרהאַרטעוועט און אויסגעטריקנט יעדן סענטימענט.

במשך לאַנגע יאָרן איז קאָרטשאַק געווען אין דער פונקציע פון דעם בעל־תפלה, און ער האָט דאָ געהאַט די געלעגנהייט אַריינצוּבליקן אין דעם קינדס איך.

אַ שלל מיט דערפאַרונג, מיט אָבסערוואַציעס, מיט ספּעציפישע פאַלן האָט ער דאָ צונויפגעזאַמלט, פאַרצייכנט, וואָס האָבן געזאָלט דינען אַלס רוי־מאַטעריאַל פאַר אַ ווערק.

**
*

געווען איז אין דער קינדער־היים אויך אַן אינטים ווינקל, וואָס האָט כמעט געטראָגן אַ רעליגיעזן כאַראַקטער. דאָס איז געווען „דער זאַל פון שווייגן". אַ שטודיר־ און לערן־צימער, מיט באַקוועמלעכקייט, מיט שיינע בילדער און אַן אַקוואַריום מט גאָלדענע פישעלעך.

דאָ אין דעם ווינקל, באַשטימט פאַר מעדיטאַציע, — האָט מען געמוזט שווייגן, אַבסאָלוט שווייגן. דאָ אַהער האָט נישט געגרייכט דער פּערמאַנענטער גערויש פון דער היים און איז געווען אַן עיר מקלט פאַר די אינדיווידואַליסטן, פאַר די, וועלכע האָבן שווער פאַרטראָגן דעם טומל פון קאָלעקטיוון לעבן.

געווען קינדער, וועלכע זיינען געווען כמעט שטענדיקע איינוווינער פון דעם „זאַל פון שווייגן", וואָס איז געווען ממש אַ רעטונג פאַר זיי. איבערייסן, שטערן די הייליקע שטילקייט פון דעם זאַל, איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פאַרברעכן, פאַר וועלכן מען האָט אָנגעקלאָגט אין געריכט.

## 8

קאָרטשאַק, ווי אַ געניטער לערער־דערציער, האָט נישט דורכגעלאָזט אויסצונוצן דערציעריש יעדע געלעגנהייט. ער האָט געזוכט צו ווירקן אויפן קינד, אַפּעלירן צו זיין געפיל, צו זיין פאַנטאַזיע און געמיט.

עס האָט זיך פאַרענדיקט אַ טאָג אין דער קינדער־היים. אָוונט. דער גרוימער זאַל, די הויפן, וועלכע זיינען שטענדיק פול מיט לעבן, מיט באַוועגונג, מיט געלעכטער, ליגן איצט שווייגנדיקע. די קינדער זיינען שוין אין די וואַש־צימערן, זיי גרייטן זיך צום שלאָף.

נאָך אַביסל, און זיי ליגן שוין אין די ווייסע געלעגערס. אין זאַל ברענט שוין די בלויע נאַכט־לאָמפּ, וואָס באַגיסט אַלץ מיט אַ שטילע און מילדע ליכט.

איינער פון די דערציערס דערציילט אַ מעשהלע די קינדער צום שלאָפן, אָדער אַ פידלער שפּילט פאַר זיי מוזיק.

ס'איז אַוועק דער טאָג מיט זיינע זאָרגן און פליכטן, און עס שפּינט זיך אויס אַ לעגענדאַרישע וועלט מיט פאַנטאַסטיש־בלויע געשטאַלטן.

די קינדער שלאָפן איין אונטער די צאַרטע קלאַנגען פון באַכס, שאָפּענס, מאָצאַרטס מוזיק, אָדער מיט די געשטאַלטן פון די דערציילטע לעגענדעס.

איינציקווייז פאַרמאַכן זיך די קינדערשע אייגעלעך און עס באַהערשט זיי דער זיסער שלאָף.

— אַ גוטע נאַכט קינדער!

— אַ גוטע נאַכט!...

די גאַנצע היים ליגט שוין אין רו.

פון ערגעץ דאָרט דרויסן הערט זיך דאָס בייזע געביל פון הינט, אָבער די קינדער שרעקט עס נישט. דאָס געבילערייַ מאַכט נאָך ליבער דאָס געלעגער און זיסער דעם שלאָף.

שפּעט אין דער נאַכט. קאָרטשאַק שפּאַנט אַרום ווי אַ נאַכט־וואַנדלער איבער דעם קאָרידאָר און איבער דעם שלאָף־זאַל. אויף די שפּיץ־פינגער שוועבט ער אַרום. ווי אַ גוטער טאַטע, ווי אַ געטרייע מאַמע, דעקט ער זיי איין די קינדער.

עס טרעפט אַמאָל אַז אַ קינד צעוויינט זיך אין דער שטיל. אפשר אַ בייזער חלום, אָדער אַ צאָן־ווייטיק האָט אים אויפגעוועקט פון זיסן שלאָף.

דאָס געוויין, די קרעכצן קלינגען אָפּ מיט אַזויפיל עלנט אין דער נאַכטיקער שטילקייט.

באַלד זיצט שוין קאָרטשאַק אויפן קינדס בעטל. דאָס קינד עפנט פאַר אים זיין האַרץ און זיין ווייטיק. ער באַרואיקט, טרייסט דאָס דער־שראָקענע קינד, אָדער ער גיט עס אַ רעצעפּט איינצושטילן זיין ווייטיק.

און ווידער ווערט צוריק שטיל. אַלץ אַרום שלאָפט.

נאָר ער, קאָרטשאַק, וואַכט איבער די שלאָפנדיקע קינדער — זיינע קינדער...

ווי אַ גוטער מלאך וואַכט ער איבער זיי.

די קינדער האָבן דאָ פּאַקטיש אָנגעפירט מיטן גאַנצן אַנשטאַלט און געטראָגן אַ גרויסע טייל פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער היים. אַ באַזונדער און אינטערעסאַנט קאַפּיטל פאַר זיך איז די אַלייןפאַרוואַלטונג פון די קינדער און אירע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען דורכאויס אָנגעפירט געוואָרן פון די קינדער זעלבסט.

דאָס איז געווען אַווירקלעכע קינדער־רעפּובליק. די דערוואקסענע וואָס האָבן געלעבט אין דער רעפּובליק, די דערציער, האָבן געזוכט צו אָריענטירן, פאַרגרינגערן זיי, אָבער קיינמאָל נישט צו אימפּאָנירן זייער מיינונג און ווילן. די דערציער האָבן זיך באַמיט צו בלייבן אין אַ זייט און וואַרטן ביז מען וועט זיי פרעגן אַ מיינונג.

די קינדער זיינען געווען פאַרטראָטן אין דער פאַרוואַלטונג פון אַלע אינסטיטוציעס און אין די באַזונדערע קאָמיסיעס, און דעם דערציער איז אָפּטמאָל אויסגעקומען צו הערן, ווי קינדער ברענגען אַרויס די עקסטראַ־וואַגאַנטסטע איניציאַטיוועס, אָבער ס׳איז נישט געווען זיין אויפגאַבע צו נעגירן זיי, אָדער אויפווייזן זייער לעכערלעכקייט. מיר זיינען אַרויס פון שטאַנדפּונקט, אַז בעסער זאָלן זיי זיך אַליין איבערצייגן. און זיי האָבן זיך איבערצייגט, הגם דאָס האָט געקאָסט גענוג צייט און מי.

דערפאַר אָבער איז אַזאַ איבערצייגונג געווען ווירקזאַם און זיי האָבן ז׳ערפון אַ סך געלערנט.

קיינמאָל האָט נישט פּאַסירט אַז ווער פון די דערציער, און אוודאי נישט קאָרטשאַק — זאָל זיך ווענדן צו די קינדער אין אַ באַפעלערישן טאָן: „אַזוי טו, אַזוי וויל איך!‟ נאָר שטענדיק מילד, אָן אויטאָריטעט, חבריש: „מיר ווייזט זיך אויס אַז אַזוי וועט אפשר זיין בעסער. פּרוווט‟.

און קוריאָז, דווקא מיט אַזאַ באַנעמען זיך האָט דער דערציער נישט פאַרלוירן זיין אויטאָריטעט ביים קינד, נאָר גאָר פאַרקערט — זיין אויטאָריטעט איז פאַרשטאַרקט געוואָרן. דאָס איז די ווירקונג פון זיין אויפריכטיק מיטן קינד.

קאָרטשאַקס שטאַנדפּונקט איז געווען, נישט אָנוואָרפן דעם קינד די אָרדענונג פון די דערוואַקסענע, נאָר געבן אים די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זיך מיט זיינע אייגענע באַגריפן און השגות. נישט אָנוואָרפן דעם קינד טרוקענע פאָרשריפטן און געזעצן, נאָר שאַפן די מעגלעכקייטן אַז דאָס קינד זאָל זיך אַליין איבערצייגן אין זייער נוצלעכקייט, אַז דאָס קאָלעקטיווע לעבן פאָדערט אַזוי. דאָס קינד מוז האָבן די מעגלעכקייט איבערצואַנדערשן, אויסבעסערן די געזעצן, אויב ער געפינט־אויס, אַז זיי פאַרלאַנגען אַן אויסבעסערונג.

קאָרטשאַקס אידעאַל איז נישט געווען יענע גרענעצלאָזע פרייהייט פאַרן קינד, וועמענס פריידיקער עס זיינען געווען זשאַן זשאַק רוסאָ, טאָלסטאָי, א. אַנד. — אַ פרייהייט וועלכע ווערט אַ לאַסט און אַ שטרויכלונג פאַרן קינד.

מיט זיין פרייהייט האָט קאָרטשאַק געשטרעבט צו פאַרגרינגערן דעם קינד, ער זאָל זיך קענען בעסער און גאַנצער אויסלעבן אין זיין קינדהייט, דאָס אַלץ אָבער מוז זיין פאַרבונדן מיט פליכט און דיסציפּלין.

דאָס איז געווען דער גייסט און דער זין פון דער אַליינפאַרוואַלטונג, זי האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אין מיניאַטור אַ מלוכה־אַפּאַראַט, נאָר צוגעפּאַסט צו דעם קינדס באַגריפן און לעבנס־באַדינגונגען. דאָס יונגע קינד האָט דאָ באַקומען אַ חוש פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און איז געווען אַ גלענצנדע שול פאַר זיין צוקונפט.

די קינדער אַליינפאַרוואַלטונג איז געווען אַ פּראָדוקט פון פּרווון און דערפאַרונגען. אירע אינסטיטוציעס זיינען אויפגעקומען ביסלעכווייז, און די צייט, דאָס לעבן אַליין האָט דיקטירט, וועלכע פאָרמען עס זיינען מער פּאַסיק.

די אַליינפאַרוואַלטונג פון די קינדער איז געווען אַ פּראָדוקט פון דערציערישע אָנשטרענגונגען און דערגרייכונגען און גלייכצייטיק אויך אַן אומאָפּשאַצבאַרער דערציאונג־אינסטרומענט. יעדער טאָג האָט מיט זיך געבראַכט נייע שוועריקייטן, קאָמפּליצירטע פראַגן, און די קינדער וואָס האָבן אָנגעפירט מיט די אינסטיטוציעס, זיינען געוואָרן דערפאַרענער, ראַפינירטער, פאַרשטענדלעכער.

מיר וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן אויף די הויפּט־אינסטיטוציעס פון דער אַליינפאַרוואַלטונג, וועלכע זיינען דאָס געריכט און דער פּאַרלאַמענט. מ׳דאַרף אָבער דאָ באַטאָנען, אַז אַלע איינפירן, מעג עס זיין דער סאַמע קלענסטער, האָבן געהאַט אין יתומים־הויז די סאָלידקייט און דעם ערנסט פון אַן אינסטיטוציע.

אומעטום און ביי יעדער געלעגנהייט קומט צום אויסדרוק דאָס קינד און זיין אייגנאַרטיקייט. איז דעריבער נישטאָ קיין וויכטיקעס און מינדערוויכטיקעס. אַלץ איז וויכטיק און פאַרדינט דעם דערציערס פולע אויפמערקזאַמקייט.

גאָרנישט איז דאָ געווען צופעליק, אימפּראָוויזירט, נאָר איז פריער שטודירט, געפּלאַנעוועט געוואָרן און האָט געטראָגן אויף זיך דעם חותם פון ערנסט.

# דאָס געריכט

## 1

דאָס געריכט איז געווען פון די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס פון דער אַליינפאַרוואַלטונג, ווייל עס האָט באַרירט דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון דער היים. אַלע איינוווינער, אַזוי די קינדער ווי די דערוואקסענע, די דערציער און פּערסאָנאַל, זיינען אונטערגעליגן דאָס געריכט. יעדעס קינד האָט געקענט דעם צווייטן אָנגעבן אין געריכט, פּונקט ווי ער האָט עס אויך געטון מיט יעדן איינעם פון די דערציער און אויך מיט קאָרטשאַקן זעלבסט.

איינער פון די פּאַראַגראַפן פון דעם קאָדעקס האָט געזאָגט: „דאָס געריכט דערמאָנט, אַז אַלע זיינען גלייך פאַרן געזעץ״. און דער דאָזיקער פּאַראַגראַף איז נישט געווען לשם דעקאָראַציע נאָר, ער איז אָפּגעהיטן געוואָרן אין אַלע אומשטענדן.

אַ זעלטענע דערשיינונג האָט מען אָנגעטראָפן אין דעם געריכט:

אין פיל פאַלן האָט דאָס קינד זעלבסט און אויך די דערציער, זיך אַליין אָנגעקלאָגט אין געריכט פאַר פאַרשידענע חטאים, באַגאַנגענע פעלערן, אָדער געוויסע קלענערע אָפּנויגן. די דאָזיקע פאַלן — זיי זיינען געווען אַ באַדייטנדיקע צאָל — האָבן דערציילט וועגן דער אַטמאָספער, וועגן דער געוויסנהאַפטיקייט און הויכע קולטור פון די בירגער פון דער מוס־טערהאַפטער קינדער־רעפּובליק.

דאָס געריכט מיט דעם קאָדעקס זיינען פון די שענסטע דערגרייכונגען פון דער קינדער־היים. אין דעם קאָדעקס, ווי אין דער גאַנצער פונקציע פון געריכט קומט צום אויסדרוק קאָרטשאַקס הומאַניטאַרישע באַציאונג צום קינד, זיין טיפע קענטעניש און רייכע דערפאַרונג.

דאָס געריכט האָט אַ סך מיטגעהאָלפן פאַר דעם פרידלעכן צוזאַמענלעבן און קעגנזייטיקער פאַרשטענדעניש, אַזוי צווישן קינד און קינד און אַזוי אויך צווישן קינד און דערוואַקסענעם. דאָס איז געווען אַ מוס־טערהאַפטע דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע. אַ סך בכבודע געריכטן אין אַלט־איינגעזעסענע לענדער, וואָלטן דאָ געהאַט עפּעס צו לערנען.

די ווירקלעכע אויפגאַבע פון געריכט איז געווען צו באַשיצן די רעכט פון יעדן איינציינער, און איבערהויפּט פון די שוואַכע, אַז דער קלוגער און כיטרער זאָל נישט אויסנוצן דעם שוואַכן, דער גרעסערער — דעם קלענערן.

נישט קלענער איז די אויפגאַבע פון געריכט צו וואַכן איבער דער אָרדענונג, ריינקייט, דיסציפּלין און אָפּהיטן דאָס פאַרמעגן פון אַנשטאַלט — דער גאָרטן, הויף, די ווענט, טירן, טרעפּ און מעבל, עס זאָל נישט פאַרניכטעט אָדער פאַרשמוצט ווערן. דאָס זעלבע אויך מיט די מלבושים, דאָס געפעס און די ביכער מיט די העפטן און שרייב־געצייג.

האָט איינער עפּעס געטון אַ שאָדן, אַ גרויסער צי אַ קליינער, האָט ער זיך געמוזט אָנגעבן אין געריכט, און די ריכטער האָבן געדאַרפט פעסטשטעלן וויפל ער דאַרף באַצאָלן, אָדער צי דער שאָדן זאָל געדעקט ווערן דורך דעם ספּעציעלן געריכט־פאָנד.

און די זעלבע פונקציע פון געריכט איז אויך געווען בנוגע דעם פּריוואַט־אייגנטום פון די קינדער.

דער קאָדעקס זעט נישט פאָר קיין שום שטראָף, נאָר באַנוגנט זיך מיט פעסטשטעלן דעם גראַד שולדיקייט פונעם באַגאַנגענעם טאַט. דאָס מעלדן בלויז אין דער עפנטלעכקייט, אַז ראובן האָט שלעכט געטון, גע־האַנדלט נישט חבריש, איז דאָס שוין אַ גענוג האַרבע שטראָף און אַן אָנ־רעגונג זיך אויסצובעסערן.

אנשטאט באַשטראָפן אין פיזישן באַגריף פון דעם וואָרט, וואָס דער באַשטראָפטער נעמט עס אָן ווי אַ נקמה־אַקט, וועלכעס רופט ביי אים אַרויס אַ רעאַקציע און שטויסט אים אויפן וועג פון ווייטערע פאַר־ברעכנס — האָט מען בעסער געזוכט די ווייטערע מיטאַרבעט פונעם באַ־שטראָפטן און געגעבן אים די מעגלעכקייט צו איבעראַנדערשן זיך.

דער גאַנצער קאָדעקס, ווי דאָס גאַנצע געריכט — איז געווען אײ־נעם גייסט פון מוחל זיין, פאַרגעבן דעם שולדיקן, אַ רוף ער זאָל זיך אויסבעסערן.

אין אַריינפיר פון קאָדעקס איז פֿאַראַן אַזאַ זאַץ:

„אויב עס האָט ווער געטון עפּעס שלעכטס, איז דאָס בעסטע אים מוחל צו זיין, וואַרטן אַז ער וועט זיך אויסבעסערן. דאָס געריכט אָבער מוז פאַרטיידיקן די שוואַכע, זיי זאָלן נישט ליידן פון די שטאַרקע".

און דאָס איז דער גייסט פון גאַנצן קאָדעקס און פון געריכט. דאָס געריכט כעסט זיך נישט, שרייט נישט און באַליידיקט נישט, נאָר זאָגט רואיק:

— האָסט געהאַנדלט נישט אָרנטלעך — שלעכט — זייער שלעכט.

אַמאָל פרוווט אויך דאָס געריכט פאַרשעמען דעם שולדיקן. אַ פאַר־שעמטער — וועט ער זיך אפשר מער היטן.

און אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז אָן דעם געריכט וואָלט אוממעגלעך געווען אויסצוקומען אין דעם אַנשטאַלט, ווו דאָס קאָלעקטיווע לעבן פּראָדוצירט יעדן טאָג אומצאָליקע אינצידענטן, צוזאַמענשטויסן, קריגע־רייען, וועלכע מוזן באַקומען אַ יושרדיקע לייזונג.

אויף שריט און טריט האָט דאָס געריכט אַרויסגעהאָלפן, — אָפט־מאָל אויך אָן אַ דירעקטער אינטערווענץ זיינער. אויב איינער זאָגט ווע־

מען: „הער־אויף, אויב נישט, װעל איך דיך אָנגעבן אין געריכט", און יענער הערט־אויף — איז עס די װירקונג פון געריכט.

דאָס איינפירן דאָס געריכט און ביז ער האָט באַקומען דעם געהעריקן פּרעסטיזש און צוטרוי ביי די קינדער, האָט גענומען אַ סך צייט און האָט געקאָסט גענוג פּלייס און מי.

אַ סך אויפמערקזאַמקייט האָט קאָרטשאַק געשאָנקען דעם געריכט, ווייל דאָס גיט דעם קינד מער רעכט. דאָס קינד האָט רעכט צו פאָדערן אַן ערנסטע און יושרדיקע באַהאַנדלונג.

ביז צום איינפירן דאָס געריכט — האָט געזאָגט קאָרטשאַק — איז אַלץ געווען אָפּהענגיק פונעם גוטן ווילן, פון דער גוטער צי שלעכטער שטימונג פון דערציער. דאָס קינד האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו פּראָטעסטירן. מיטן איינפירן דאָס געריכט האָט די קינדער־רעפּובליק באַקומען איר פאַקטישע קאָנסטיטוציע.

**2**

דאָס איינגעבן עמעצן אין געריכט איז נישט געווען פאַרבונדן מיט קיין שום פּראָצעדור. אויפן טאָוול, אין זאַל, איז געהאָנגען אַ געריכט־ליסטע, און עס איז גענוג געווען צו פאַרצייכענען אויף דער ליסטע זיין אייגענעם נאָמען און דעם נאָמען פון דעם אָנגעקלאָגטן.

יעדן אָוונט פלעגט דער געריכט־סעקרעטאַר אַראָפּנעמען די רשימה און זי פאַרצייכענען אין אַ בוך. צומאָרגנס האָט דער אָנקלאָגער געדאַרפט מאַכן דערקלערונגען פאַרן סעקרעטאַר. די דערקלערונגען האָבן געקענט זיין מינדלעך אָדער שריפטלעך.

זייער דעמאָקראַטיש איז געווען דער איינפיר בנוגע די ריכטער. אַ ריכטער האָט געקאָנט זיין יעדער איינער, אויב ער האָט נאָר במשך פון דער וואָך נישט געהאַט קיין איין פּראָצעס אויף זיך.

אַ נייער אין דער היים האָט געמוזט וואַרטן אַ יאָר, ביז ער זאָל האָבן די רעכט צו ווערן אַ ריכטער. דאָס איז פאַרשטענדלעך, עס האָט גע־

מוזט נעמען צייט ביז דער נייער זאָל זיך איינלעבן אין דער סביבה, כדי צו געניסן פון אַלע רעכטן.

די ריכטער זיינען באַשטימט געוואָרן דורך אַ גורל. אויף יעדע פופ־ציק פּראָצעסן האָט מען אויסגעקליבן פינף ריכטער.

עס פלעגט אַמאָל טרעפן, ווען עס זיינען געווען אין איין וואָך אַרי־בער הונדערט אָנקלאַגעס, האָט מען געדאַרפט האָבן אַזש פופצן ריכטער. האָט זיך געשאַפן אַזאַ סיטואַציע, אַז עס זיינען נישט געווען אַזויפיל „אומשולדיקע", ד"ה אַזעלכע, וואָס האָבן אין דער וואָך נישט קיין איין פּראָצעס אויף זיך.

אין אַזאַ פאַל האָט מען די ריכטער אויסגעקליבן פון צווישן אַלע קינדער, נאָר די ריכטער־גרופּעס האָבן זיך קאָנסטיטואירט אויף אַזאַ אופן, עס זאָל קיינעם נישט אויסקומען צו זיין דער ריכטער פון זיין איי־גענעם פּראָצעס.

סעקרעטאַר פון געריכט איז געווען איינער פון די דערציער (אַ שטיק צייט האָט זיך פאַרנומען מיט דעם געביט די פאַרוואַלטערן פּריילן סטעפאַ ווילטשינסקאַ).

דער סעקרעטאַר האָט נישט געהאַט קיין שטים־רעכט, זיין פונקציע איז באַשטאַנען אין אָט וואָס: צונויפנעמען די דערקלערונגען פוןביידע צדדים און זיי לייענען בשעת דעם פּראָצעס. דער סעקרעטאַר האָט אויך געפירט דעם געריכט־טאָוול, די געריכט־ביכער, ווו עס זיינען אַריינגע־שריבן געוואָרן די אורטיילן. ער האָט אויך פאַרוואַלטעט מיט די געריכט־פאָנדן. מיט דער הסכמה פון די ריכטער האָט דער סעקרעטאַר געהאַט די רעכט צו פּרעזענטירן אייניקע פּראָצעסן צום העכערן געריכט.

די זיצונגען פון געריכט פלעגן פאָרקומען איין מאָל אין דער וואָך.

די אומצופרידענע האָבן געקאָנט אַפּעלירן, פאַרלאַנגען אַז זייערע פּראָצעסן זאָלן באַטראַכט ווערן פון אַ העכערער געריכטלעכער אינסטאַנץ. דאָס האָט מען געקאָנט ערשט אין אַ חודש אַרום נאָכדעם, ווי עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דער אורטייל.

די גאַנצע פונקציע פון דעם געריכט האָט געגעבן דעם דערציער אַ שפע פון ווערטפולן און אויטענטישן מאַטעריאַל איבער דעם קינד.

עס פלעגן זיך אָפּטמאָל שאַפן אַזעלכע סיטואַציעס, ווען קלענערע, ייִנגערע קינדער זײַנען געווען די ריכטער פון עלטערע. די עלטערע איז דאָס, פאַרשטענדלעך, נישט געווען צום האַרצן. „עפּעס דאָרט אַ קלייִנער יאַטל וועט זײַן מײַן ריכטער״ — פלעגן זיי אירגאַניזירן מיט פאַרביטערונג.

דאָס געריכט האָט אָבער געהויבן דעם אָנזען פון דעם יונגן קינד. דאָס געריכט האָט געוויזן, אַז זײַן קליין, ייִנגער מיט עטלעכע יאָר, מיינט נישט זײַן נאַרישער. אויף צו זײַן אַ גוטער ריכטער, דאַרף מען פאַר אַלעם — זײַן ערלעך, און דאָס קען זײַן, אַלצאיינס, אַ יונגער אָדער עלטערער.

קאָרטשאַק האָט דאָ פאַרטיידיקט זײַנעם אַ פּרינציפּ, אַז עס איז נישטאָ קיין פּריווילעגיע לגבי יאָרן. יאָרן גיבן נישט דעם עלטערן קיין באַזונדערע רעכט. דעם עלטערן איז טאַקע נישט אנגענעם געמשפּט צו ווערן פון אַ קלענערן פון אים, אָבער דאָס געריכט עקזיסטירט דאָך נישט צוליב פאַרגעניגן וועגן.

נאָר טשיקאַווע איז, די קינדער האָבן נישט באַטראַכט די פונקציע פון אַ ריכטער פאַר אַ פּריווילעגיע. די אַלגעמיינע מיינונג צווישן די קינדער איז געווען, אַז זײַן אַ ריכטער איז נישט קיין אנגענעמער ענין. און דעריבער טאַקע זײַנען די ריכטער אויסגעקליבן געוואָרן נאָר אויף איין וואָך, דורך אַ גורל, און נישט דורך אַן אָפּשטימונג.

מיט אַ כיוון האָט קאָרטשאַק געזוכט, אַז נישט די זעלבע קינדער זאָלן אָפּטמאָל אויסגעקליבן ווערן אַלס ריכטער. ווען מ׳איז אַ לענגערע צײַט אַ ריכטער — האָט ער אַרגומענטירט — ווערט מען אַ שלעכטער מענטש. אַזאַ ריכטער הייבט אָן צו קוקן אויף די „פאַרברעכער״, מיט אַ מינדערשעצונג, גלייך ער אַליין וואָלט געווען אַן אידעאַלער מענטש.

דערפאַר אָבער, אויב מען איז אַמאָל נאָר ריכטער, קען מען זיך אַ סך אויסלערנען: עס צייגט איבער ווי נויטיק עס איז די גערעכטיקייט און ווי שווער עס איז צו זײַן יושרדיק.

די העכערע אינסטאַנץ איז די געריכט־קאָמיסיע, וואָס באַשטייט פון

פינף ריכטער, שוין צוזאַמען מיטן סעקרעטאַר, און איינער פון די דער־ציער אָן שטים־רעכט. די געריכט־קאָמיסיע ווערט אויסגעקליבן אויף אַ גאַנץ יאָר.

צו דער קאָמפעטענץ פון דער געריכט־קאָמיסיע געהערן: משפטן די, וועלכע ווערן אָפט אָנגעקלאָגט פאַר דעם זעלבן טאַט, אויפנעמען אַפּע־לאַציעס, ווי אויך אַלע אָנקלאַגעס פאַר אינערלעכע שאָדנס. ווען דער אָנגעקלאָגטער האָט נישט צו באַצאָלן פאַרן שאָדן, באַצאָלט אים די גע־ריכט־קאָמיסיע.

די צווייטע געריכט־אינסטאַנץ איז כמעט אַ זעלבסטשטענדיקע אינ־סטיטוציע, וועלכע האָט אויך צו איר דיספּאָזיציע אַ פאָנד. זי באַקומט 1 פּראָצענט פון די אַלגעמיינע הוצאות פון דער היים. צו איר געהערן אויך די הכנסות פון קאָאָפּעראַטיוו און פון די קאַרטאָפל־שאָלעכץ.

וואָס שייך דער קאָמפעטענץ פון דער צווייטער אינסטאַנץ, דאַרף מען צוגעבן, אַז די געריכט־קאָמיסיע האָט זיך פאַרנומען מיט די אַלע פאַלן לגבי וועלכע דאָס געריכט איז נישט געווען ווירקזאַם. אויב איי־נער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס פּערמאַנענטע שטערונג אָדער געפאַר, האָט די געריכט־קאָמיסיע געדאַרפט באַשליסן וואָס מיט אַזאַ איינעם צו טון.

דאָס געריכט קען פאַרגעבן, קען זאָגן אַז ער האָט שלעכט געהאַנדלט, די געריכט־קאָמיסיע גיט דעם אָנגעקלאָגטן אַ באַשטימטע צייט זיך צו ענדערן.

די געריכט־קאָמיסיע האָט געוואַכט איבער דער אינערלעכער אָר־דענונג פון דער היים און איבער דער פליכט־דערפילונג מצד יעדן איי־נעם פון די בירגער. אויב איינער דרייט זיך אַרויס פון זיינע אַרבעט־פליכטן און ער טוט די זאַכן אָפּגעלאָזן, יוצא צו זיין, דאַרף די געריכט־קאָמיסיע באַשטימען וואָס מיט אים צו טון. אפשר איז ער קראַנק און מ׳דאַרף אים בכלל באַפרייען פון יעדער פליכט, אָדער פאָדערן פון אים.

די דריטע און העכסטע געריכטלעכע אינסטאַנץ איז געווען די גע־ריכט־פאַרזאַמלונג, וועלכע איז פאָרגעקומען ביי דער אָנוועזנהייט פון אַלע קינדער פון אַנשטאַלט. מיט די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען — זיי האָבן

געטראָגן אַ זעלטן פּייערלעכן כּאַראַקטער — האָט מען געמיינט אַרויס־צורופן דעם אינטערעס פון דער גאַנצער קינדער־משפחה. די געריכט־פאַרזאַמלונג האָט געהאַט פאַר אַלעם אַ דערציערישן באַדייט, אַזוי פאַר דעם אָנגעקלאָגטן, ווי פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט.

אין דער געריכט־אינסטאַנץ איז אַרויסגעטראָטן קאָרטשאַק ווי דער באַשולדיקער. אויב דער ענין איז געבראַכט געוואָרן אַהער, האָט זיך גע־האַנדלט וועגן אַ שעדלעכן עלעמענט פאַרן אַנשטאַלט. קאָרטשאַק האָט געגעבן אַ גאַנץ בילד וועגן דעם אָנגעקלאָגטן, וועגן זיין כּאַראַקטער און זיינע מעשים.

דער אָנגעקלאָגטער האָט געהאַט דאָס רעכט צו פאַרטיידיקן זיך זעלבסט, אָדער אַרויסשטעלן אַ פאַרטיידיקער. ביי די געריכט־זיצונגען פון דער ערשטער און צווייטער אינסטאַנץ, איז נישט צוגעלאָזט געוואָרן קיינער פון די פאַראינטערעסירטע צדדים.

3

ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, איז דער גאַנצער קאָדעקס געווען אין גייסט פון פאַרגעבן, מוחל זיין. איידער באַשטראָפן — בעסער געבן אים די מעגלעכקייט ער זאָל זיך אויסבעסערן.

עס זיינען אָבער געווען אויך שטראָף־פּאַראַגראַפן. די שטראָף איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מ'האָט עפנטלעך געמאָלדן אַז „ראובן האָט שלעכט געטון, געהאַנדלט אומקאָלעגיאַל".

אויך די דאָזיקע שטראָף־פּאַראַגראַפן זיינען געווען וואָרענונגען, וואָס האָבן גערופן צו פאַרטראַכטן זיך, צו רעווידירן די אויפפירונג.

די פּאַראַגראַפן פון 1 ביז 99 האָבן פאָראויסגעזען פאַלן ווען דאָס געריכט איז מוחל אָדער נעמט נישט אויף דעם משפט.

פּאַראַגראַף 100 איז געווען דער ערשטער שטראָף־אורטייל: — ער האָט זיך מיט זיין טאַט פאַרשולדיקט.

פּאַראַגראַף 200 זאָגט:

— נישט אָרנטלעך געהאַנדלט.

— צום באַדויערן, האָט עס אַזוי פּאַסירט. מיט יעדן איינעם קען עס געשען. מי׳ר בעטן דאָס מער נישט צו טון.

פּאַראַגראַף 300. דאָס מיינט:

— ער האָט שלעכט געטאָן. דאָס געריכט פאַרדאַמט.

אויב ביי 100 און 200 בעט דאָס געריכט אַזוינס מער נישט צו טון, אי׳צט אָבער — פאָדערט עס.

פּאַראַגראַף 400.

— דאָס מיינט שוין אַן ערנסטע שולד.

— האָסט זייער שלעכט געטאָן. דו טוסט זייער שלעכט.

דער פּאַראַגראַף איז דער לעצטער פּרווו צו פאַרמיידן דעם שולדיקן אַ בושה. אַ לעצטע וואָרענונג.

פּאַראַגראַף 500. דער פּאַראַגראַף מיינט צו זאָגן:

— דער וואָס טוט אַזאַ זאַך, ווייזט, אַז אונדזערע פאַרלאַנגען און ביטעס גייען אים נישט אָן. ער שוינט נישט זיך און אויך נישט קיינעם פון אונדז, און דעריבער האָבן אויך מיר נישט די מעגלעכקייט אים צו שוינען.

דער אורטייל מיטן נאָמען און פאַמיליע־נאָמען ווערן פאַרעפנטלעכט אין דער צייטונג אויף דער ערשטער זייט.

פּאַראַגראַף 600.

— זיין אויפפירונג איז די זעלבע ווי געוועזן!

אַזאַ אורטייל איז אַרויסגעהאָנגען געוואָרן אויף דעם געריכט־טאָוול אויף אַ גאַנצע וואָך און איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער צייטונג.

דאָך האָט מען נאָך געהאַט מיט אים אַביסל איינזען, און כדי נישט צו פאַרשעמען אים, זיינען נאָר דערמאָנט געוואָרן די איניציאַלן פון זיין נאָמען.

אַן ערגערע מדרגה איז געווען דער פּאַראַגראַף 700.

דאָס איז דער זעלבער אורטייל ווי 600, נאָר ער ווערט אויך גע־מאָלדן דער משפּחה — אַן אָנזאָג, אַז עס וועט אפשר בויטיק זיין צו באַזייטיקן אים פון אַנשטאַלט, דאַרף די משפּחה באַצייטנס וויסן דערפון.

פּאַראַגראַף 800. דאָס איז שוין אַן ערנסטער ענין און מיינט:

— דאָס געריכט העלפט נישט, אַלע ביטעס און וואָרענונגען זיינען אַרויסגעוואָרפן און מאַכן אויפן בעל־דבר קיין ווירקונג נישט.

עס ווערט אים געגעבן אַ וואָך צייט אויף צו באַטראַכטן זיך. מיט אַנדערע ווערטער מיינט עס, אַז ער ווערט אָפּגעשטעלט אין זיינע רעכטן. אין פאַרלויף פון דער וואָך קאָן אים קיינער נישט אָנקלאָגן און אויך ער אַנדרע אויך נישט. דאָס איז אַ לעצטע און ערנסטע וואָרענונג.

דער אורטייל ווערט פאַרעפנטלעכט אין דער צייטונג, אַרויסגעהאָנגען אויפן טאָוול און ווערט אויך צווויסן געגעבן די קרובים.

פּאַראַגראַף 900. דאָס איז שוין גאָר אַ הויכע מדרגה פון שולדיק זיין און מיינט צו זאָגן:

— מיר האָבן פאַרלוירן די האָפענונג ער זאָל זיך אויסבעסערן.

דער אורטייל באַדייט: — „מיר האָבן צו אים מער נישט קיין צוטרוי", אָדער — „מיר שרעקן זיך פאַר אים", און „מיר ווילן נישט האָבן מיט אים צו טון".

דאָס מיינט פּאַקטיש אַז ער ווערט באַזייטיקט פון אַנשטאַלט. ער קען נאָר פאַרבלייבן, אויב עס געפינט זיך איינער, וואָס נעמט אים אויף זיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דאָס קען זיין איינער פון די דערציער, אָדער אַ קינד. אויף ווייטער איז זיין באַשיצער געריכטלעך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשים.

פּאַראַגראַף 1000. דער אורטייל זאָגט:

— דערווייטערן אים פון אַנשטאַלט.

דאָס איז די האַרבסטע שטראָף וואָס דער קאָדעקס האָט פאָראויסגעזען. אַזאַ אורטייל האָט געטראָפן גאַנץ זעלטן, פונקט ווי זעלטן עס האָט געטראָפן אַז אַ סנהדרין זאָל אַרויסטראָגן אַ טויט־אורטייל.

און אפילו אַזאַ איינער וואָס איז דערווייטערט געוואָרן, האָט ער נאָך דריי חדשים, געהאַט רעכט צו בעטן ער זאָל ווידער אַמאָל אַריינגענומען ווערן.

אַזויפיל געדולד און טאָלעראַנץ איז דאָ אַרויסגעוויזן געוואָרן אויך

צו די, וואָס פאַרשולדיקן זיך לגבי דעם קאָלעקטיוון לעבן פון אַנשטאַלט.

4

לשם אילוסטראַציע איז דאָ כדאי צו איבערגעבן אייניקע פּראָצעסן און די אורטיילן. דאָס זיינען געשעענישן פון דעם גרויען טאָג־טעגלעכן לעבן פון יתומים־הויז. דאָס געריכט האָט מיטן פולן ערנסט אויפגענומען און אויסגעהערט ביידע צדדים, אָן וועלכע סימפּאַטיעס, אַנטיפּאַטיעס, אָדער גרינגשעצונג.

מען רופט אים מיט אַ צונאָמען. אַלע אַזוי. אין אָנהויב האָט עס אים וויי געטון, שפּעטער האָט ער זיך צוגעוווינט. פאַרפאַלן — מ׳קאָן זיך נישט שלאָגן און קריגן מיט דער גאַנצער וועלט. ווען עס איז איינגע־פירט געוואָרן דאָס געריכט, האָט ער דערפילט אינעם געריכט אַ פאַר־מיידיקער. קלייבט ער אויס איינעם פון דער חברה, וואָס דערגייט אים אמערסטן די יאָרן און קלאָגט אים אָן אין געריכט.

נאָך עטלעכע חדשים אַרום פרעגט מען אים: — „רופן זיי דיך איצט ווינציקער מיטן צונאָמען?״ — „ווינציקער״ — ענטפערט ער מיט אַ שמייכל פון דאַנקבאַרקייט צום געריכט, וואָס האָט אים פאַרטיידיקט.

***

זי האָט זיך פאַרשפּעטיקט ביים אומקערן זיך פונעם באַזוך ביי דער משפחה. פאַרוואָס האָט זי זיך פאַרשפּעטיקט? זי האָט נאָר איין מומע און מער קיינעם נישט. זי איז צו דער מומע נישט געגאַנגען, ווייל זי האָט זי נישט ליב. פאַרוואָס? — דאָס איז נישט אונדזער זאַך. ענד־לעך איז זי יאָ אַוועק צו דער מומע און האָט זיך מיט איר איבערגע־בעטן. זי איז אַביסל אַרויס מיט דער קוזינקע שפּאַצירן. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויפן גראָז און געשמועסט. זי האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אַז זי דאַרף צוריקגיין אין יתומים־הויז.

דאָס געריכט האָט איר פאַרגעבן.

***

זי האָט גענומען אַ בוך פון לייען־זאַל און עס מיטגענומען מיט זיך אויפן הויף אַרויס, ווו זי האָט געשפּילט קאָרטאָפּל. דערנאָך האָט זי פאַרגעסן דאָס בוך און עס איבערגעלאָזט אויף דער באַנק. איז געקומען אַ יונג קינד און צעריסן דאָס בוך.

דאָס געריכט האָט זיך פאַררופן אויפן פּאַראַגראַף 70, וואָס זאָגט: „די אָנגעקלאָגטע האָט שוין באַקומען איר שטראָף".

**
*

אויפן פּאָדערשטן הויף מעג מען אַרויסגיין נאָר אין באַשטימטע שעהן. איינע פון די עלטערע מיידלעך גייט זיך אַרויס אויפן פּאָדערשטן הויף. דער דיזשורנע, אַ יונגערער פון איר יינגל, דערמאָנט זי אַז מען טאָר נישט. זי גייט יאָ. עס געפעלט איר נישט וואָס זי זאָל מוזן הערן אַ קלענערן פון איר. גיט ער זי אָן אין געריכט.

דאָס געריכט דריקט־אויס די האָפענונג, אַז דאָס וועט זיך מער נישט איבערחזרן.

**
*

אַן אָנקלאַגע צוליב אַן אומבאַרעכטיקטן חשד.

אַ מיידל ציילט איבער אירע גראָשנס. קומט צו אַ יינגל און זאָגט: — „ווייז!" זאָגט זי: — „כ'וויל נישט!" — „ווילסט נישט ווייזן, ווייל דו האָסט צוגעגנבעט". נעכטן האָט ער פאַרלוירן אַ מטבע. דאָס מיידל ווייסט אינגאַנצן נישט דערפון, און אַז זי וואָלט יאָ געוווסט — ווי קען מען דערקענען אַ מטבע? מיט וואָס פאַר אַ רעכט באַליידיקט ער זי, אַז זי האָט געגנבעט?

די אָנקלאָגערין האָט צוריקגעצויגן איר אָנקלאַגע.

**
*

ער האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף אַ בוים, און דאָס טאָר מען נישט. ער האָט געוווסט, אַז מ'טאָר נישט, נאָר ער האָט זיך נישט גע־קאָנט באַהערשן, ער האָט געוואָלט ווייזן זיינע חברים ווי גיך ער קען

זיך אַרויפדראַפּען אויף אַ בוים. ער אַליין האָט זיך אָנגעקלאָגט אין גע־ריכט.

דאָס געריכט פאַרגיט אים, ווייל עס אנערקענט אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט קעגנשטעלן זיין ווילן.

***

די דיזשורנעס פאַרקערן דעם הויף. איינער פון זיי דאַרף דאָס באָד־צימער ברענגען אין אָרדענונג. ביידע דאַרפן זיך נאָך אָפּוואַשן די פיס פאַרן שלאָף. און דאָ האָט ער זיי אויף אַ שפּאַס פאַרשלאָסן אין הויף.

דאָס געריכט האָט אים באַשטראָפט מיטן פּאַראַגראַף 100 פאַר דעם ביייזוויליקן שפּאַס.

***

עס זיינען געווען אויך ערנסטע פאַלן.

ג. האָט 5 פּראָצעסן פאַראַמאָל. ער שטערט און שלאָגט זיך אין שלאָף־צימער, פייפט און זינגט. אויב מ׳זאָגט אים — „הער אויף״, ענט־פערט ער חוצפּהדיק: — „גיב מיך אָן אין געריכט!״ ער האָט געשלאָגן אַ קראַנק יינגל נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט אים נישט געוואָלט זאָגן וואָס אים איז.

אויף די פראַגעס פון געריכט־סעקרעטאַר האָט ג. אַזוי דערקלערט:

„איך לייד נישט, האָב פיינט דאָס געריכט און וויל אינגאַנצן נישט האָבן מיט אים צו טון. איך וויל זיך נישט פאַרענטפערן, ווייל איך ווייס, אַז שטענדיק בין איך נישט גערעכט. אַלע דראָען מיך מיטן געריכט, דאָס מאַכט מיך נאָך מער אין כעס. זאָלן זיי מיך אָנגעבן אין געריכט, נאָר נישט דראָען!״

דאָס געריכט האָט אים צוגעפּסקנט דעם פּאַראַגראַף 700.

***

געווען אַ פאַל ווען אויך דער ריכטער אַליין איז אָנגעקלאָגט גע־

וואָרן. ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס ריכטער, אָבער ער איז נישט געקו־מען צו דער זיצונג.

— פאַרוואָס ביסטו נישט געקומען?

ווייל דערנאָך האָבן זיי צו אים פּרעטענזיעס אַז ער האָט צו שטרענג געמשפּט, אָדער נישט יושרדיק. האָט ער פיינט דאָס געריכט און וויל נישט האָבן מיט אים צו טון.

דאָס געריכט האָט אַרויסגעטראָגן דעם אורטייל פּאַראַגראַף 50, וואָס זאָגט: „מען פאַרגיט אים, ווייל ער האָט געקאָנט נישט וויסן, אָדער נישט פאַרשטיין". דערצו איז ער אויסגעשלאָסן געוואָרן אויף 3 חדשים פון דעם רעכט באַשטימט צו ווערן אַלס ריכטער.

ער ווייסט טאַקע נאָך נישט, אַז זיין אַ ריכטער איז נישט קיין אָנ־גענעמער אַמט, נאָר אַ געזעלשאַפטלעכע פליכט. אָן ריכטער איז נישטאָ קיין געריכט.

**
*

עס זיינען געווען אויך אָנקלאַגעס ווען דער אָנגעקלאָגטער איז גע־ווען אומבאַקאַנט, אַנאָנים. עטלעכע טעג איז געהאָנגען די מעלדונג עס זאָל זיך אָפּרופן דער שולדיקער, קיינער אָבער האָט זיך נישט מודה גע־ווען. מיט אַביסל אָנשטרענגונג וואָלט מעגלעך געווען פעסטצושטעלן ווער עס איז דער שולדיקער, אָבער עס איז נישט קיין אנגענעמע זאַך צו זוכן, פאָרשן, חושד זיין.

אין אַזאַ פאַל ווערט אָנגעקלאָגט דער „אומבאַקאַנטער שולדיקער". דער אורטייל ווערט דערנאָך אַרויסגעהאָנגען אויפן טאָוול.

אויב דאָס איז אַזאַ טאַט, וואָס איז אַ חרפּה פאַרן אנשטאלט, קען די געריכט־פאַרזאַמלונג באַשליסן, אַז עס זאָל צו דער פאָן פונעם אַנ־שטאַלט צוגעבייט ווערן אַ שוואַרצער פלעק, ווי אַ צייכן פון טרויער.

## 5

ביז דאָס געריכט האָט באַקומען פּרעסטיזש און צוטרוי, האָט גע־נומען גענוג צייט. אין אָנהויב האָבן די קינדער זיך באַצויגן מיט אַ בולטן אומצוטרוי. זיי האָבן בעסער זיך אַליין אָנגעקלאָגט אין געריכט, איידער דאָס צו טון מיט אַנדערע.

דאָס לעבן האָט פולשטענדיק באַרעכטיקט די נוצלעכקייט פון גע־ריכט. עס זיינען געווען צייטן, ביים אָנהויב, ווען פּאַר איינגעבן ווענען אין געריכט האָט דער אָנקלאָגער געכאַפּט געשלאָגן פון זיינע חברים. אַ שטיק צייט אַוועק האָבן די קינדער געקוקט אויפן געריכט, ווי אויף אַ מיטל פאַר דעם דערציער, געוויר צו ווערן עפּעס פון זייערע סודות.

אָנקלאָגן ווענען אין געריכט האָט אַמאָל געהייסן: אויסזאָגן פון חדר', און אַזאַ איינער האָט פאַרדינט פאַרדאַמט צו ווערן פון זיינע חברים. מיט דער צייט און אַ דאַנק דער זעלטענער אויפמערקזאַמקייט וואָס איז געשאָנקען געוואָרן דער פונקציע פון געריכט, האָט זיך די באַ־ציאונג געענדערט.

די אַריבער פופציק טויזנט פּראָצעסן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין פאַרלויף פון די ערשטע פינף יאָר, האָבן געגעבן דעם געריכט פיל דערפאַרונג. די געזעלשאַפט האָט גענומען באַטראַכטן דאָס געריכט ווי אַ נויטווענדיקייט, אָן וועלכן מ'קאָן נישט אויסקומען.

נאָר געציילטע אויסנאַמען האָבן פיינט געהאַט דאָס געריכט, די גרעסטע מערהייט אָבער האָט זיך באַצויגן מיט רעספּעקט צו דער אינ־סטיטוציע. עס איז געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט פאַר יעדן קינד', אַז אָנגעבן איינעם אין געריכט, בעטן גערעכטיקייט, איז נישט קיין פּאַראַט און אויך נישט עפּעס אַנטיקאָלעגיאַלעס, נאָר אַ געזעלשאַפטלע־כע נאָרמע, בכדי צו דערהאַלטן אין אָרדענונג און געזעצלעך דאָס לעבן אין אַנשטאַלט.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָבן אויך די קינדער געקאָנט אָנ־קלאָגן אין געריכט אַפילו קאָרטשאַקן זעלבסט. ווען ער האָט זיך מיט

עפּעס פאַרזינדיקט, האָט קאָרטשאַק נישט געוואַרט ביז מ׳וועט אים אָנ־קלאָגן, נאָר ער אַליין האָט עס געטאָן.

אין פאַרלויף פון אַ האַלב יאָר — דערציילט קאָרטשאַק — האָט ע ר זיך אָנגעגעבן פינף מאָל אין געריכט. אַמאָל — פאַר האָבן אַ ייִנגל אָנגעריסן פאַר די אויערן; אַ צווייט מאָל — פאַר האָבן אַרויסגעוואָרפן אַ ייִנגל פון שלאָף־זאַל; אַן אַנדערש מאָל פאַר האָבן איינעם אַריינגע־שטעלט אין ווינקל, פאַר באַליידיקן אַ ריכטער; און נאָך אַמאָל — פאַר האָבן חושד געווען אַ מיידל אין גנבה.

אין די ערשטע פּראָצעסן האָט ער באַקומען דעם פּאַראַגראַף 21, וואָס מיינט, אַז ער האָט געהאַט רעכט אַזוי צו האַנדלען. אין דעם פערטן פּראָצעס איז אים צוגעפּסקנט געוואָרן דער פּאַראַגראַף 71, אַז „דאָס גע־ריכט פאַרגיט אים, ווייל ער אַליין באַדויערט זיין האַנדלונג“. אין דער לעצטער אָנקלאַגע האָט ער באַקומען דעם פּאַראַגראַף 7 — „דאָס געריכט נעמט צו קענטעניש דאָס צו וויסן טון די שולד“.

און רעדנדיק וועגן די פּראָצעסן זיינע האָט קאָרטשאַק באַטאָנט:

„די דאָזיקע פּראָצעסן, שטעל איך פעסט מיט דער גאַנצער זיכער־קייט, זיינען געווען פאַר מיר דער פּרוּװשטיין פון מיין דערציאונג, ווי אַ נייער „קאָנסטיטוציאָנעלער“ דערציער, וועלכער באַוואָלהט נישט די קינדער נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט זיי ליב, נאָר דערפאַר, ווייל עס עקזיסטירט אַן אינסטיטוציע וואָס פאַרטיידיקט זיי פון דעם דערציערס זעלבסטהערשונג און דעספּאָטיזם“.

# דער פּאַרלאַמענט

## 1

די צווייט־וויכטיקע אינסטיטוציע פון דער אַליינפאַרוואַלטונג איז געווען דער פּאַרלאַמענט, וועלכער האָט געהאַט אַ שטאַרקן איינ־פלוס אויף דעם אינערלעכן לעבן פון אַנשטאַלט.

דער פּאַרלאַמענט איז געווען דאָ אַ דורכאויס דעמאָקראַטישע איג־סטיטוציע, צו וועלכער אַלע האָבן געהאַט צוטריט. אַלע קענען שטימען און אַלע האָבן אויך רעכט אויסגעווײלט צו ווערן. פון די קאַנדידאַטן אויף דעפּוטאַטן צום פּאַרלאַמענט האָבן זיך געפאָדערט מינימאַלע קוואַ־ליפיקאַציעס: קענען לייענען און שרייבן און נישט האָבן געהאַט אויף זיך קיין איין פּראָצעס פאַר גנבה אָדער אָפּנאַרעריי.

אַרויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז זיין אַ מיטגליד פון פּאַר־לאַמענט, איז נישט קיין זאַך פון כבוד, נאָר גיכער אַ גרויסע פּאַראַנט־וואָרטלעכקייט און פליכט, קען יעדעס קינד אויך זיך אַליין אָנגעבן אַלס קאַנדידאַט, אַרויסשטעלן הייסט עס אַן אייגענע וואַל־ליסטע, אויב ער איז נאָר פאַרזיכערט מיט אַ מינימום פון 5 שטימען.

די גוטגעהייסענע קאַנדידאַטן האָבן ערשט געמוזט דורכגיין דעם פּלעביסציט, אַן אַלגעמיינע אָפּשטימונג, און עס זיינען אַריין אין פּאַר־לאַמענט נאָר די, וועלכע האָבן באַקומען די גרעסטע צאָל שטימען.

די פּאַרלאַמענט־וואַלן זיינען פאָרגעקומען יעדעס יאָר, באַלד נאָכן צוריקקומען פון דער זומער־קאָלאָניע. דער פּאַרלאַמענט איז באַשטאַנען פון 20 דעפּוטאַטן, אַחוץ דעם דר. קאָרטשאַק, ערן־פּאָרזיצער און סע־קרעטאַר.

דער פּאַרלאַמענט טיילט אויס פון צווישן זיך אַ געזעצגעבערישע קאָמיסיע, וועלכע באַשטייט פון אַ פערטל פון דער אַלגעמיינער צאָל דעפּוטאַטן — פון 5, אַחוץ דעם וויצע־פּאָרזיצער. די געזעצגעבערישע־קאָמיסיע איז געווען דער סענאַט, די העכערע פּאַרלאַמענט־קאַמער.

אַלע פּראָיעקטן בנוגע פאַרשיידענע רעפאָרמען, אָדער איינפירן נייע געזעצן, קומען קודם־כל אָן אין פּאַרלאַמענט, דאָ ווערן זיי באַ־האַנדלט, דיסקוטירט און ווערן דערנאָך איבערגעשיקט צו דער געזעצ־געבערישער קאָמיסיע. אויב די קאָמיסיע האָט אָנגענומען, אָדער אָפּגע־וואָרפן דעם פּראָיעקט, גייט ער צוריק אין פּאַרלאַמענט, וועלכער נעמט ערשט אָן אַן ענדגילטיקע דעציזיע וועגן דער פראַגע.

דער פּאַרלאַמענט ווי דער סענאַט האַלטן־אָפּ זייערע זיצונגען איין מאָל אין צוויי וואָכן.

דער פּאַרלאַמענט האָט געהאַט אַ ברייט פעלד פון אַרבעט. די קינ־דער פלעגן זיך ווענדן צו אים מיט זייערע בקשות בנוגע אַלע מעגלעכע ענינים. יעדער פאַל האָט געדאַרפט באַזונדער שטודירט ווערן און געבן אַן ענטפער.

דער פּאַרלאַמענט האָט געקענט אָננעמען, אָדער אָפּוואַרפן געזעצן, וואָס די געריכט־קאָמיסיע האָט אַרויסגעגעבן. דער פּאַרלאַמענט האָט באַשטימט די קאַלענדאַר־טעג פון פאַרשידענע אינערלעכע פייערונגען און ער האָט אויך פעסטגעשטעלט, ווער פון די קינדער עס האָט זיך פאַרדינט אַן אויסצייכענונג, וואָס איז באַשטאַנען אין אָנדענק־קאַרטן.

די שטרעבונג פון פּאַרלאַמענט איז געווען, אַז זיין מיינונג און הסכמה זאָל זיין דעצידירנד אין אַלע פאַלן, ביים אַריינגעמען נייע קינ־ד׳ער און באַזייטיקן די עלטערע, אפילו אויך בנוגע דעם פּערסאָנאַל. דאָס איז אָבער געווען אַ פאַוואָליעדיקער פּראָצעס פון ביסלעכווייז אויס־ברייטערן די פונקציעס אויף דער באַזע פון דערפאַרונג און באַקומענעם פּרעסטיזש, אָפּהיטנדיק די גרעניצן פון קאָמפּעטענץ, נישט אַריינצוגיין אינעם גבול פון אַן אַנדער אינסטיטוציע.

נאָר אינטערעסאַנט איז, אַז די קינדער פלעגן אַרויסווייזן ווייניק אַמביציע צו פאַרנעמען די דעפּוטאַטן־בענקלעך. אמת, זיין אַ דעפּוטאַט איז אַ כבוד, אַן אויסדרוק פון צוטרוי מצד דער געזעלשאַפט, שווערער אָבער איז די לאַסט פון אחריות. אַזאַ אַמט פאָדערט פון קינד פיל פריי־צייט און ענערגיע.

די פּאַרלאַמענט־זיצונגען פלעגן פאָרקומען אין די אָוונטן. אַלע קינ־ד׳ער, נאָך אַ לאַנגן טאָג פון אַקטיוויטעט, איילן צום שלאָף־זאַל, ווו איי־נער פון די דערציער דערציילט מעשהלעך, אָדער מען שפּילט פידל פאַרן איינשלאָפן. די דעפּוטאַטן אָבער, מידע און שלעפעריקע, בלייבן איבער אויף אַ צוויי־שעהדיקער זיצונג, אויף וועלכער די באַהאַנדלטע ענינים זיינען נישט שטענדיק אינטערעסאַנט.

דער דעפּוטאַטן־אַמט, ווי אַלע אַנדערע, האָבן אָבער געפלעגט ביים יונגן קינד אַ חוש פאַר געזעלשאַפטלעכקייט.

זיין אַ דעפּוטאַט האָט געמיינט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדן טאָג און זיין קרעמפּירט מיט יעדן טראָט.

זיין אַ מיטגליד פון פאַרלאַמענט האָט געמיינט זיין אַ פאַרטרויאונג־מאַן, וועמען די געזעלשאַפט האָט פאַרטרויט אירע פראַגן און געהיימ־נישן.

אַזוי האָט זיך געפילט יעדער דעפּוטאַט פון דעם קינדער־פאַרלאַ־מענט און אַזאַ איז געווען די באַציאונג צו אים מצד זיינע חברים.

איינע פון די פּריווילעגיעס פון די דעפּוטאַטן איז געווען, וואָס יע־דער ביי־צוזאַמענגעשטעלטער פאַרלאַמענט האָט זיך פאָטאָגראַפירט און יעדער מיטגליד האָט באַקומען אַ בילד מיט אַלעמענס חתימות.

2

כדי צו קענען שאַפן זיך אַ באַגריף וועגן די באַשטימונגען פון פאַרלאַמענט און זיין קאָמפּעטענץ, וועל איך דאָ ציטירן איינציקע איינ־פירן וואָס זיינען סאַנקציאָנירט געוואָרן דורך דעם פאַרלאַמענט. אגב, זיינען די דאָזיקע איינפירן ביז גאָר אינטערעסאַנט און זיי דערציילן אַ סך וועגן דעם אינערלעכן לעבן, שטייגער און מנהגים פון דער אייגנאַר־טיקער קינדער־רעפּובליק, וואָס די היים האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט.

§ 6. — דער פאַרלאַמענט באַשטימט די פייערלעכע טעג — אַחוץ די רעליגיעזע יום־טובים — דורך אַ פאָרשלאָג פון אַ דעפּו־טאַט, אָדער אין צוזאַמענהאַנג מיטן באַשטימען די אָנדענק־קאַרטן.

§ 9. — דער 22־טער דעצעמבער האָט די לאָזונג: „עס איז נישט כדאי אויפצושטיין" ווייל דער טאָג איז אַ קורצער. ווער עס וויל קען שלאָפן און נישט אויפשטיין. ווער עס וויל, מעג נישט פאַרבעטן דאָס בעט. די פּרטים וועלן אויסגעאַרבעט ווערן דורך דער געזעצגעבערישער קאָמיסיע פון פאַרלאַמענט.

§ 10. — דער 22־טער יוני באַקומט די לאָזונג: „עס איז נישט כדאי צו לייגן זיך". ווער עס וויל, קען אויף־זיין אַ גאַנצע

נאַכט. אויב דאָס וועטער איז גוט, קען מען מאַכן אַ שפּאַציר ביי־נאַכט איבער דער שטאָט.

§ 12. — דער טאָג פון ערשטן שניי. לאָזונג: „שליטן-טאָג״. פאַר דעם טאָג פון ערשטן שניי וועט באַטראַכט ווערן דער, ווען די טעמפּעראַטור וועט זיין נידעריקער פון 1 גראַד קעלט. עס ווערן איינגעאָרדנט שפּילן מיט שניי, אויספלוגן און אַ שפּאַציר אין שליטנס פאַר קינדער, וואָס ווערן באַשטימט דורך אַן אָפּשטימונג.

§ 18. — דער טאָג פון די געשטאָרבענע. ביים דאַוועגען אינדערפרי, ווערן דערמאָנט די נעמען פון די פאַרשטאָרבענע קינ־דער.

§ 19. — דאָס 365-טע מיטיק. פאַר דער מיזאַמער אַרבעט ווערט דער באַלעבאָסטע געגעבן צוקערלעך אַ מתנה. דאָס זעלבע מיטן דיזשורנע פון קיך. די לאָזונג פון דעם טאָג איז: „דער גע־בוירנטאָג פון דער קיך״.

(עס האָבן געהאַלטן אין שטודירט ווערן פּראָיעקטן ווי צו באַ־ערן די וועשעריי).

§ 22. — דער טאָג פונעם שמוציקן. די לאָזונג: „מ׳טאָר זיך נישט וואַשן״. ווער עס וויל זיך דעם טאָג וואַשן, מוז געבן עפּעס אַן אָפּצאָל. דער פּאַרלאַמענט וועט באַשטימען וויפל דער אָפּצאָל דאַרף זיין

§ 27. — דער טאָג פונעם אָפּגעלאָזענעם. ווער עס איז דורך אַן אָפּשטימונג אַנערקענט געוואָרן פאַר דעם מערסטן אָפּגעלאָזע־נעם אין דער הלבשה, באַקומט ער דעם טאָג ספּעציעלע מלבושים, כדי ער זאָל אין דעם פייערלעכן טאָג נישט אויסזען ווי אַן אָפּגע־ריסענער.

§ 28. — דער טאָג פון קעסל. אַזוי ווי איינער פון די על־טערע ייִנגלעך האָט נישט געוואָלט העלפן אַמאָל צו ברענגען דעם קעסל עסן, ווען די ווינדע פון דער קיך ביז צום עס-זאָל האָט נישט פונקציאָנירט, ווערט איינגעפירט אַז אין דעם טאָג זאָלן צוויי פון

די עלטערע יינגלעך, אויסגעקליבן דורך אַ גורל, ברענגען צו טראָגן פון קיך דאָס עסן, אַפילו ווען די ווינדע גייט יאָ.

ווי כ'האָב פריער דערמאָנט, האָט דער פּאַרלאַמענט אויך זיך פאַר־גומען מיט באַשטימען אָנדענק־קאַרטן פאַר פאַרדינסטפולע מעשים. ס'איז כדאי צו באַקענען זיך מיטן סטאַטוט וועגן די אָנדענק־קאַרטן, אַזוי ווי ער איז סאַנקציאָנירט געוואָרן דורכן פּאַרלאַמענט.

§ 3. — דער אויפשריפט אויף דער צווייטער זייט פונעם בילדל דאַרף זיין אַזוי:

„לויט אַ באַשטימונג פונעם פּאַרלאַמענט פון..., איז אנער־קענט געוואָרן (דער נאָמען) צו געבן אים אַן אָנדענק־קאַרטל פאַר...

§ 4. — דער וואָס וויל באַקומען אַזאַ קאַרטל דאַרף אָנשרייבן אַ בּיטע אויף אַ ריינעם, נישט צעקנייטשטן בויגן פּאַפּיר, וואָס זאָל זיין אָנגעשריבן מיט זיין אייגענער האַנט. מיט פליים און מיט אַ לייענבאַרער שריפט זאָל ער אויסרעכענען די מעשים און פאַקטן, וועלכע ער וויל פאַרגעדענקען. די מעשים קענען זיין גוטע אָדער שלעכטע, נוצלעכע אָדער שעדלעכע, אַזעלכע וואָס פאַרדינען לויב, אָדער פאַרוווּרף. די אָנדענק־קאַרט קען זיין אַן אנגענעמע אָדער אַן אומאנגענעמע דערמאָנונג, אַ דערמוטיקונג, אָדער וואָרענונג.

§ 5. — אויב דער פּאַרלאַמענט וויל שטאַרקער אויסטיילן אַ געוויסע געשעעניש זי זאָל נישט פאַרגעסן ווערן, קען ער זי איינ־שליסן אין דעם קאַלענדאַר פון נצחונות און מפלות, ווי אַ לויבנס־ווערטע אָנשטרענגונג, אָדער אָפּגעלאָזנקייט, אַ באַווייז פון שטאַרקן אָדער שוואַכן ווילן.

§ 7. — דער אינהאַלט פון דעם בילד אויפן קאַרטל מוז זיין צוגעפּאַסט צו דעם, פאַרוואָס דאָס קאַרטל ווערט געגעבן, ווי אַ שטייגער:

1. — פאַר אויפשטיין תיכף נאָכן וועקן אינדערפרי, גיט מען

ארויס אין ווינטער אַ קאַרטל מיט אַ ווינטערדיקן פּייסאַזש; פאַר אויפשטיין פרי אין די פרילינג-חדשים, דאַרף דער פּייסאַזש זיין פון פרילינג אאַז״וו.

2. — פאַר האָבן אָפּגעשיילט 2.500 פונט קאַרטאָפל — אַ בילדל מיט בלומען.

3. — פאַר געשלעגן, קריגערייען, פאַר נישט צופּאַסן זיך צו די געזעצן — אַ בילד פון אַ טיגער.

4. — פאַר באַשיצן, פאַרטיידיקן קלענערע און נייע קינדער — זאָל דאָס בילדל פאָרשטעלן שוץ.

§ 10. — ווער עס האָט לענגער פון אַ יאָר דערפילט געוויסנהאַפט מיט זיין פליכט אַלס דיזשורנע, ביי דער זעלבער אַרבעט, האָט רעכט אויף אַ קאַרטל מיט אַ בילד פון וואַרשע.

§ 12. — אַחוץ אָנדענק-קאַרטן באַטראַכט דער פּאַרלאַמענט אַן אופן אַרויסצוגעבן יובילעי-קאַרטן. אויב ווער עס שטייט אויף פרי און האָט פיר אָנדענק-קאַרטן פון די צייטן פון יאָר, קען באַקומען אַ קאַרטל אַלס אויסצייכענונג פאַר „שטאַרקן ווילן״.

§ 14. — עס דאַרף אויך איינגעפירט ווערן אַ „קאַרטל פון געזונט״ (ווער עס איז קיין איין מאָל נישט קראַנק געווען, אַנטוויקלט זיך גוט, מאַכט ספּאָרט איבונגען); אָנדענק-קאַרטלעך פאַר באַטייליקן זיך אין סצענקעס, אין פאַרוויילונגען, פאַר אַרבעטן ביי דער צייטונג און אין געריכט.

§ 17. — די געזעגענונג-קאַרטל — „פאַרגעס מיך נישט״ — איז די לעצטע קאַרטל וואָס ווערט אַרויסגעגעבן, מיט די אונטערשריפטן פון די קינדער און דערציער.

אַן אָנדענק-קאַרטל איז נישט קיין אויסצייכענונג, קיין מעדאַל, נאָר אַן אָנדענק, אַ דערמאָנונג, — האָט קאָרטשאַק געזאָגט.

געוועזן קינדער, וואָס האָבן גיך פאַרלוירן די קאַרטלעך, און אַנדערע ווידער וואָס האָבן זיי באַהאַלטן און אָפּגעהיטן לאַנגע יאָרן אויף זייער לעבנס-וועג.

דער קאָדעקס פון קינדער־געריכט איז קאָרטשאַקס אַ ווערטפולע שאַ־פונג. דאָ קומט צום אויסדרוק זיין טיפע פאַרשטענדעניש, זיין טאָ־לעראַנץ צום קינד און דער עיקר — זיין הומאַניזם.

דער קאָדעקס איז אַ גאַנצער בנין פאַר זיך און ער נעמט אַרום אַלע מעגלעכע פאַלן און פאַקטאָרן, וואָס קענען ווירקן אויפן קינד אין זיינע האַנדלונגען.

עס זיינען נאָך פאַרבליבן אין קאָדעקס לײדיקע פּאַראַגראַפן, וועלכע וואָלטן מיט דער צייט אויסגעפילט געוואָרן. דאָס לעבן אַליין וואָלט זיי דערגאַנצט מיט נייע דערפאַרונגען.

דאָס איז ווערטערלעך דער טעקסט פונעם קאָדעקס אין דער יידישער איבערזעצונג:

## אַ ר יי נ פ י ר

אויב עס האָט ווער געטאָן עפּעס שלעכטס, איז דאָס בעסטע אים מוחל צו זיין.

אויב ער האָט געטאָן שלעכטס דערפאַר, ווייל ער האָט נישט געוווּסט, וועט ער שוין איצט וויסן.

אויב ער האָט געטאָן שלעכטס אומגערן, וועט ער שוין אויף ווייטער זיין פאָרזיכטיק.

אויב ער האָט געטאָן שלעכטס, ווייל עס איז אים שווער זיך צוצוגעוווינען, וועט ער זיך שוין פון איצט אָן פלייסן.

אויב ער האָט געטאָן שלעכטס, ווייל עס האָט אים ווער אָנ־גערעדט, וועט ער שוין מער נישט האָרכן.

אויב עס האָט ווער געטאָן עפּעס שלעכטס, איז דאָס בעסטע אים מוחל צו זיין, וואַרטן ביז ער וועט זיך אויסבעסערן.

דאָס געריכט אָבער מוז פאַרטיידיקן די שוואַכע, זיי זאָלן נישט ליידן פון די שטאַרקע.

דאָס געריכט מוז פאַרטיידיקן די געוויסנהאַפטע און אַרבעט־זאַמע, זיי זאָלן נישט ליידן פון די אָפּגעלאָזענע און פוילע.

דאָס געריכט מוז זאָרגן דערפאַר, עס זאָל זיין אָרדענונג, ווייל פון אומאָרדענונג ליידן אַמערסטן די גוטע, רואיקע און געוויסנ־האַפטע מענטשן.

דאָס געריכט איז נישט גאָר יושרדיק, עס דאַרף אָבער שטרעבן צו יושר.

דאָס געריכט איז נאָך נישט דער פולער אמת, עס שטרעבט אָבער צום אמת.

די ריכטער קענען זיך טועה זיין.

די ריכטער קענען באַשטראָפן פאַר מעשים, וועלכע זיי אַליין באַנייען, אויב זיי אנערקענען אַז עס איז שלעכט דאָס וואָס זיי אַליין טוען.

אַ חרפה איז אָבער, ווען אַ ריכטער גיט אַרויס באַוווסטזיניק אַ נישט ערלעכן אורטייל.

## I דאָס געריכט זאָגט זיך אָפּ צו משפטן

§ 1. — דאָס געריכט באַשטעטיקט, אַז ראובן האָט צוריק־געצויגן זיין אָנקלאַגע, ער איז אים מוחל.

§ 2. — דאָס געריכט זעט־איין, אַז די אָנקלאַגע האָט נישט קיין זין.

§ 3. — דאָס געריכט ווייס נישט ווי אַזוי דאָס איז געווען אין אמתן, און דעריבער זאָגט עס זיך אָפּ פון אַרויסגעבן אַן אור־טייל.

§ 4. — דאָס געריכט דריקט־אויס זיין איבערצייגונג אַז דאָס וועט זיך שוין מער נישט איבערחזרן, און דעריבער זאָגט עס זיך אָפּ צו משפטן.

(באַמערקונג: אויף דעם פאַראַגראַף מוז דער אָנגעקלאָגטער געבן זיין צוזאָג).

§ 5. — דאָס געריכט זאָגט זיך אָפּ צו באַטראַכטן די אָנ־קלאַגע, ווייל עס זעט־פאָר, אַז מיט דער צייט וועט די באַשולדי־קונג אינגיכן אַליין פאַרשווינדן.

§ 6. — דאָס געריכט לייגט־אָפּ די אָנקלאַגע אויף אַ וואָך.

§ 7. — דאָס געריכט נעמט צו קענטעניש דאָס צוווּסן טון וועגן דער שולד.

§ 8. — דאָס געריכט באַטראַכט די אָנקלאַגע פאַר נישט ריכטיק.

§ 9. — דאָס געריכט באַטראַכט די אָנקלאַגע פאַר פאַרעל־טערט.

## II דאָס געריכט דריקט־אויס אנערקענונג — דאַנקט פאַר דער האַנדלונג — באַדויערט

§ 10. -- דאָס געריכט געפינט נישט קיין שולד אין ראובנס האַנדלונג, נאָר אַ מוסטער פון בירגערלעכן מוט (העלדישקייט, גערעכטיקייט, גוטער ווילן, צוגעבונדנקייט, איבערגעגעבנקייט אאַז"וו).

§ 11. — דאָס געריכט דאַנקט ראובנען דערפאַר, וואָס ער האָט אַליין צוווּסן געגעבן וועגן זיין שולד.

§ 12. — דאָס געריכט בעט איבער פאַר האָבן אים גערופן אומזיסט.

§ 13. — דאָס געריכט באַדויערט, וואָס עס האָט אַזוי פּאַ־סירט (אַן אומגליק, שאָדן אאַז"וו), אָבער באַשולדיקט נישט אין דעם ראובנען.

§ 14. — דאָס געריכט אנערקענט אַז ראובנס אָנקלאַגע איז אַ גערעכטע.

§ 15. — ...

§ 16. — ...

§ 17. — ...

§ 18. — ...
§ 19. — ...

## III דאָס געריכט האַלט נישט פאַר שולדיק

§ 20. — דאָס געריכט אנערקענט, אַז ראובן האָט דערפילט מיט זיין פליכט (געהאַנדלט אַזוי ווי ער האָט געדאַרפט האַנדלען).
§ 21. — דאָס געריכט האַלט, אַז ראובן האָט געהאַט רעכט אַזוי צו טון (זאָגן).
§ 22. — דאָס געריכט האַלט, אַז ראובן האָט געהאַט רעכט.
§ 23. — דאָס געריכט האַלט, אַז ראובן האָט נישט באַליידיקט.
§ 24. — דאָס געריכט האַלט, אַז ראובן האָט געזאָגט דעם אמת.
§ 25. — דאָס געריכט האַלט, אַז ראובן האָט נישט געטון קיין שלעכטס.
§ 26. — ...
§ 27. — ...
§ 28. — ...
§ 29. — ...

## IV דאָס געריכט לייגט די שולד אויף די באַדינגונגען — צופאַל — אויף אַ סך — אויף אַן אַנדערן

§ 30. — דאָס געריכט אנערקענט, אַז ראובן האָט נישט געקאָנט אַנדערש האַנדלען.
§ 31. — דאָס געריכט לייגט די שולד אויף די באַדינגונגען — צופאַל, נישט באַשולדיקנדיק דערפאַר ראובנען.
§ 32. — היות אַ סך טוען דאָס זעלבע, וואָלט געווען אומגערעכט צו באַשולדיקן נאָר איינעם.

§ 33. — דאָס געריכט מאַכט פאַראַנטוואָרטלעך שמעונען פאַר ראובנס האַנדלונג.

§ 34. — ...

§ 35. — ...

§ 36. — ...

§ 37. — ...

§ 38. — ...

§ 39. — ...

## V דאָס געריכט בעט מוחל זיין

§ 40. — דאָס געריכט האַלט, אַז שמעון דאַרף זיך נישט ביי־זערן אויף ראובנען.

§ 41. — דאָס געריכט בעט אים מוחל זיין.

§ 42. — דאָס געריכט רופט ביידע צדדים זיי זאָלן פאַרגעסן.

§ 43. — ...

§ 44. — ...

§ 45. — ...

§ 46. — ...

§ 47. — ...

§ 48. — ...

§ 49. — ...

## VI דאָס געריכט איז מוחל ווייל ס'איז נישטאָ קיין שלעכטע כוונה

§ 50. — דאָס געריכט איז מוחל ראובנען, וועלכער האָט גע־מעגט נישט ווּיסן, נישט פאַרשטיין, אַז מ'טאָר דאָס נישט טון אָדער זאָגן, און דריקט־אוים די האָפענונג, אַז פאַרשטייענדיק בעסער, וועט ער שוין אַזעלכעס נישט טון.

§ 51. — דאָס געריכט איז מוחל ראובנען, װעלכער האָט נישט גוט פאַרשטאַנען װאָס ער טוט, װאָס ער רעדט, און דריקט אויס די האָפענונג, אַז דאָס װעט זיך מער נישט איבערחזרן.

§ 52. — דאָס געריכט איז מוחל, װײַל ער האָט נישט געװוסט אַז עס װעט אַזוי אַרויסקומען (ער האָט עס געטאָן אומגערן, אומפאָרזיכטיק, דורך אַ טעות, צוליב פאַרגעסן).

§ 53. — דאָס געריכט איז מוחל ראובנען, װײַל ער האָט נישט געמיינט דערמיט צו באַליידיקן שמעונען.

§ 54. — דאָס געריכט פאַרגיט ראובנען, װײַל עס איז געװען אַ שפּאַס (אַ נאַרישער שפּאַס).

§ 55. — ...

§ 56. — ...

§ 57. — ...

§ 58. — ...

§ 59. — ...

## VII דאָס געריכט איז מוחל, נעמענדיק אין אַכט די אומשטענדן װאָס פאַרקלענערן די שולד

§ 60. — דאָס געריכט איז מוחל ראובנען דערפאַר, װײַל ער האָט געהאַנדלט (געזאָגט) זייענדיק אין כעס, אין אַ דענערװירטן, נישט מיושבדיקן צושטאַנד.

§ 61. — דאָס געריכט איז מוחל ראובנען, װײַל ער האָט עס געטאָן צוליב עקשנות, נאָר ער װעט זיך אויסבעסערן.

§ 62. — דאָס געריכט איז מוחל ראובנען, װײַל ער האָט עס געטאָן צוליב אַ פאַלשער אַמביציע, נאָר ער װעט זיך אויף װייטער אויסבעסערן.

§ 63. — דאָס געריכט איז מוחל ראובנען, װײַל ער איז קריגעריש, נאָר ער װעט זיך אויסבעסערן.

§ 64. — דאָס גערי̇כט איז מוחל ראובנען, ווייל ער האָט עס געטאָן צוליב שרעק, נאָר ער וויל שוין זיין מוטיקער.

§ 65. — דאָס געריכט איז מוחל ראובנען, ווייל ער איז שוואַך (נאָך אַ קראַנקייט).

§ 66. — דאָס געריכט איז מוחל ראובנען, וועלכער האָט אַזוי געהאַנדלט נאָר דערפאַר, ווייל מ׳האָט אים באַלעסטיקט.

§ 67. — דאָס געריכט איז מוחל ראובנען, ווייל ער האָט געהאַנדלט נישט איבערקלערנדיק זיך פריער.

§ 68. — ...

§ 69. — ...

## VIII דאָס געריכט איז מוחל, ווייל ער האָט שוין באַקומען זיין שטראָף און ער באַדויערט עס

§ 70. — דאָס געריכט איז מוחל ראובנען, ווייל ער האָט שוין באַקומען אַ שטראָף פאַר זיין טאַט.

§ 71. — דאָס געריכט איז מוחל ראובנען, ווייל ער האָט חרטה אויף זיין טאַט.

§ 72. — דאָס געריכט איז מוחל ראובנען, ווייל ער האָט זיך אויסגעבעסערט.

§ 73. — ...

§ 74. — ...

§ 75. — ...

§ 76. — ...

§ 77. — ...

§ 78. — ...

§ 79. — ...

## IX דאָס געריכט פּרוּווט מוחל זיין

§ 80. — דאָס געריכט איז מוחל ראובנען, ווייל ער האָלט אַז אויסבעסערן אים קען מען נאָר דורך גוט באַגיין זיך מיט אים.

§ 81. — דאָס געריכט פּרוּווט אַרויסגעבן אַ באַפרייאונגס־אורטייל.

§ 82. — דאָס געריכט איז מוחל, און פאַרלירט נישט די האָפענונג אַז ראובן וועט זיך אויסבעסערן.

§ 83. — ...

§ 84. — ...

§ 85. — ...

§ 86. — ...

§ 87. — ...

§ 88. — ...

§ 89. — ...

## X דאָס געריכט איז מוחל אין אויסנאַם־פאַלן

§ 90. — דאָס געריכט איז מוחל, האַלטנדיק אַז ראובן האָט זייער שטאַרק געוואָלט זיך דערפון אָפּהאַלטן, נאָר עס האָבן אים געפעלט כוחות דערצו.

§ 91. — דאָס געריכט איז מוחל, ווייל ראובן געפינט זיך ערשט דאָ אַ קורצע צייט און ער פאַרשטייט נאָך נישט, אַז עס קען זיין אָרדענונג אָן שטראָף.

§ 92. — דאָס געריכט איז מוחל ראובנען, ווייל עס אנערקענט, אַז דאָס צערטלען אים, האָט אים קאַליע געמאַכט. דאָס געריכט וואָרנט ראובנען, אַז אַלע זיינען גלייך פאַרן געזעץ.

§ 93. — דאָס געריכט איז מוחל ראובנען, ווייל אינגיכן פאַרלאָזט ער דעם אַנשטאַלט, וויל נישט דאָס געריכט ער זאָל אַוועק פון אונדז מיט אַ שווערן איינדרוק.

§ .94 — דאָס געריכט נעמט אין אַכט די הייסע ביטע פון אַ חבר (ברודער, שוועסטער) און איז מוחל ראובנען.

§ .95 — דאָס געריכט איז מוחל ראובנען, ווייל צווישן די ריכטער איז געווען איינער, וואָס האָט עס פאַרלאַנגט.

§ .96 — דאָס געריכט איז מוחל ראובנען, ווייל ער וויל נישט אין זיין פאַרטיידיקונג זאָגן דאָס, וואָס וואָלט געקאָנט באַרעכטיקן זיין טאַט.

§ .97 — דאָס געריכט דערמאָנט, אַז אַלע זיינען גלייך פאַרן געזעץ.

§ .98 — ...

§ .99 — ...

## XI באַשולדיקונג־אורטיילן

§ .100 — דאָס געריכט אנערקענט די שולד פון ראובנען און איז אים נישט מוחל.

§ .200 — דאָס געריכט אנערקענט, אַז ראובן איז זיך באַגאַנגען נישט יושרדיק.

§ .300 — דאָס געריכט אנערקענט, אַז ראובן האָט שלעכט געטאָן.

§ .400 — דאָס געריכט אַנערקענט, אַז ראובן האָט זייער שלעכט געטאָן.

§ .500 — דאָס געריכט אנערקענט, אַז ראובן האָט זייער שלעכט געטאָן. דער אורטייל ווערט פאַרעפנטלעכט אין דער צייטונג.

§ .600 — דאָס געריכט אנערקענט, אַז ראובן האָט זייער שלעכט געטאָן. דער אורטייל ווערט פאַרעפנטלעכט אין דער צייטונג און אויפן טאָוול.

§ .700 — דאָס געריכט אנערקענט, אַז ראובן האָט זייער שלעכט געטאָן. דער אורטייל דאַרף ווערן פאַרעפנטלעכט אין דער

ציַיטונג, אויפֿן טאָוול און מען דאַרף וועגן דעם צוויסן געבן דער משפּחה.

§ 800. — דאָס געריכט נעמט־צו ביַי ראובֿנען אַלע רעכט אויף אַ וואָך ציַיט. מען פּאַרעפֿנטלעכט דעם אורטייל אין דער ציַי־טונג און מען פֿאַרשטענדיקט זיך מיט דער משפּחה.

§ 900. — דאָס געריכט זוכט פֿאַר ראובֿנען אַ באַשיצער. אויב אַזאַ וועט זיך נישט אָפּזוכן אין פֿאַרלויף פֿון צוויי טעג, וועט ראובֿן דערוויַיטערט ווערן. דער אורטייל ווערט פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער ציַיטונג.

§ 1000. — דאָס געריכט דערוויַיטערט ראובֿנען פֿון אַנ־שטאַלט. דער אורטייל ווערט פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער ציַיטונג.

## צוגאָבן צו די אורטיילן

א). — דאָס געריכט דאַנקט פֿאַרן האָבן זיך מודה געווען.

ב). — דאָס געריכט וווּנדערט זיך פֿאַרוואָס ראובֿן האָט נישט אַליין צוויסן געטאָן.

ג). — דאָס געריכט בעט, אַז דאָס זאָל זיך שוין מער נישט איבערחזרן.

ד). — דאָס געריכט ווענדט זיך צו דער געריכט־פֿאַרזאַמלונג, צו פֿאַרהיטן פֿון ענלעכס אויף וויַיטער.

ה). — דאָס געריכט בעט די געריכט־פֿאַרזאַמלונג, אַז זי זאָל דערלויבן נישט אויסצופֿירן דעם אורטייל.

ו). — דאָס געריכט דריקט־אויס זיַין זאָרג, אַז ראובֿן וועט אויסוואַקסן אַ שעדלעכער מענטש.

ז). — דאָס געריכט דריקט־אויס די האָפֿענונג, אַז ראובֿן וועט אויסוואַקסן אַ נוצלעכער מענטש.

ח). — אויסרעכענען אויפֿן טאָוול די צאָל באַמערקונגען, וועל־

כע זיינען ראובנען געמאַכט געוואָרן, זיין שטערן אַנדערע און די פאַלן פון אָפּגעלאָזנקייט.

ט). — צווויסן געבן, וואָרענען דער משפחה.

## 1

מען האָט אים גערופן „דער פוילישער פעסטאלאצי“. דאָס איז לגמרי נישט איבערגעטריבן. קאָרטשאַק איז פון דעם זעלבן שניט דערציער וואָס פעסטאַלאצי, מיט זיינע דערציאונגס־סיסטעמען, מיט זיין דערפונדערישקייט און פאַר אַלעם — מיט זיין אידעאַליזם און ליבשאַפט צום קינד, ווי אויך מיט זיין גרויסער השפעה.

ער האָט געהאַט אַ זעלטענע פאַרערונג פאַר פעסטאלאצין און פאַר זיין פאַרשטענדעניש צום קינד. שטענדיק, ווען ער פלעגט דערמאָנען פעסטאלאצין, האָט ער אים באַטיטלט דער „גרויסער פעסטאלאצי“.

מיט זיין באַציאונג צום קינד און מיט זיינע פראַקטישע סיסטעמען האָט קאָרטשאַק באַקומען אַ סך תלמידים, נאָכפאָלגער.

דער הויפּט־פּרינציפּ אין קאָרטשאַקס דערציאונג־סיסטעם איז געלעגן אין זיין צוגאַנג צום קינד, אין זיין באַזאָרגטקייט, ווי אַזוי בעסער אָפּצוהיטן דעם קינדס פּערזענלעכקייט. אַלע אַנדערע עיקרים זיינען געווען אַ קאָנסעקווענטער פּועל יוצא, פּראַקטישע מעטאָדן, דערפינדערישע, ווי אָפּצוהיטן און אָנווענדן דעם דאָזיקן פּרינציפּ.

דער גאַנצער איינשטעל פון דער קינדער־היים, מיט דער אַליינפאַרוואַלטונג פון די קינדער, האָט זיך געשטיצט אויף דער איינציקער הנחה: דאָס קינד. נישט צופּאַסן דאָס קינד צו די מעטאָדן פון דערציאונג, נאָר פאַרקערט — די מעטאָדן מוזן זיך צופּאַסן צום קינד.

און דאָס האָט דער דערציער כסדר געמוזט געדענקען, אַז דאָס קינד שטייט אין צענטר פון דער גאַנצער דערציאונג. און דערפאַר — די שטענדיקע באַזאָרגטקייט נישט צו שעדיקן, נישט צו פאַרוווּנדן אָדער נעגירן דעם קינדס פּערזענלעכקייט. יעדע פאַרגוואַלדיקונג פון דעם פּרינציפּ, אין די פאַרשיידנסטע פאָרמען, רופן זיך אָפּ שלעכט אויפן קינד און ממילא אויף דער געזעלשאַפט.

קאָרטשאַק האָט געזען אינעם קינד אַ פּערפעקטן מענטשן, נאָר אָן דער כאַראַקטעריסטישער פאַרדאָרבנקייט און אָן דער באַגרענעצטער אָפּגעשלאָסנקייט, אין וועלכער עס לעבט דער דערוואַקסענער. דאָס קינד ווייזט אַרויס דעם מאַקסימום אינטערעס פאַר וויסן, פאַר אינטעלעקטועל׳ער אַנטוויקלונג. אַלץ אינטערעסירט אים, אַלץ וויל ער פאַרשטיין און וויסן. דאָס קינד טראָגט אין זיך אַן אמתן הונגער צו וועלן באַנעמען אַלץ, בשעת דער דערוואַקסענער אינטערעסירט זיך נאָר מיט דעם ענגן געביט וואָס האָט אַ שייכות מיט זיין באַשעפטיקונג.

זעלטן ווען, אַז אַ דערוואַקסענער זאָל וועלן וויסן ווי אַזוי עס פונקציאָנירט אַ ראַדיאָ, זאָל זיך אַנטציקן מיט אַן אָנגעצונדן עלעקטריש לעמפּל, און אַ קינד ווייזט פּערמאַנענט אַרויס באַגייסטערונג און אַ דראַנג צו וועלן אַלץ וויסן.

אין זיין געבענטשטן הונגער נאָך וויסן, ווענדט זיך דאָס קינד צום דערוואַקסענעם, ער זאָל אים אויפקלערן, זאָל אים לערנען, אָבער גאָר אָפט באַקומט ער אויף זיינע פראַגעס אַ ברוטאַלן אָפּשניט: „פאַרדריי מיר נישט דעם קאָפּ!״

קאָרטשאַק האָט געוואָרנט און געקעמפט קעגן דער ברוטאַלער באַציאונג צום קינד, אַ באַציאונג וואָס דערדריקט זיין פּערזענלעכקייט און דערשטיקט אין אים דעם הונגער צו וועלן פאַרשטיין, באַנעמען די וועלט מיט אַלע אירע דערשיינונגען. און ער האָט אָנגעווענדט זיין גאַנצע אינטעליגענץ, איינפאַלערישקייט און וויסן, אַז כאָטש אין דער קינדער־היים זאָל אָפּגעהיטן ווערן דעם קינדס פּערזענלעכקייט. דאָס איז נישט געווען אַזוי גרינג צו דערגרייכן, צו פאַרווירקלעכן אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן, אָבער דאָס איז געווען זיין דערציאונגס־אידעאַל.

דאָ איז נישט געווען קיין צופעליקעס אָדער אימפּראָוויזירטעס. אַלץ, ביז צו דער קלענסטער קלייניקייט, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ דירעקטע שייכות צום קינד, איז פון פריער פלאַנירט, באַטראַכט און צוגעגרייט געוואָרן מיטן פולן ערנסט. אויב די פּראַקטיק האָט באַוויזן אַז עס טויג נישט, האָט מען עס אָן צערעמאָניעס באַזייטיקט.

אַלץ איז דאָ געווען באַהויכט מיטן גייסט פון זוכן, פאָרשן, ווי בע־סער, באַקוועמער, ווירקזאַמער און פּראַקטישער איינצושטעלן דאָס לעבן פון דער קינדער־היים.

דאָס אָפּזאָגן זיך פון אַ געוויסן איינפלוס האָט דעם דערציער נישט אַוועקגעשטעלט אין אַ פּאַרלעגנהייט לגבי די קינדער און האָט מיט גאָר־נישט געשטעלט אין סכנה זיין פּרעסטיזש. דאָס האָט דווקא מיטגע־ווירקט, אַז צווישן דערציער און קינד זאָל זיין אַ ביז גאָר אויפריכטיקע באַציאונג. דער דערציער איז נישט דערשינען פאַרן קינד ווי די העכסטע אויטאָריטעט, נאָר ווי אַ מיטאַרבעטער מיט גוטן ווילן, ווי איינער וואָס זוכט אויך צו באַרייכערן זיין דערפאַרונג, באַגלייך מיטן קינד.

און האָט דאָס קינד געהאַט עפּעס פאָרצושלאָגן, זיינעם אַ געדאַנק, איינפאַל, אידייע — האָט מען אים מיט דעם פולן ערנסט אויסגעהערט. דער דערציער האָט דאָ קיינמאָל נישט געלאָזט פילן דעם קינד אַז ער איז מיט עפּעס מינדערווערטיק, נאָר פאַרקערט — געזוכט צו סטימולירן אים, וועקן צוטרוי, גלויבן אין זיינע מעגלעכקייטן.

## 2

פאַר אַלעם איז נויטיק געווען צו געווינען דעם צוטרוי פון קינד. דאָס איז איינע פון די ערשטע און טאַקע פּרינציפּיעלע אויפגאַבן פאַרן דערציער. דער צוטרוי שאַפט די נויטיקע אַטמאָספער פאַר דערציערישער ווירקונג און באַזייטיקט אַ סך פון די פאָראורטיילן און קעגנזייטיקע חשדים צווישן דערציער און קינד.

מיטן באַקומען דעם קינדס צוטרוי, איז מער נישט נויטיק צו שטיין און וואַכן איבער אים ווי אַ בייזער שומר. עס ווערט כמעט אָפּגעווישט די גרענעץ צווישן דעם דערציער און זיין דערציאונגס־אָביעקט, און דאָס קינד ווערט פאַרוואַנדלט אין זיינעם אַ מיטאַרבעטער, וואָס טראָגט צו־זאַמען מיט אים די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער היים.

אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן אין דער קינדער־היים אַן אַטמאָס־

פער פון צוטרוי, אָן שום חשד אַז דאָס קינד וועט אָפּנאַרן אָדער זאָגן ליגנס. עס זיינען דאָ געשאַפן געוואָרן אַזעלכע באַדינגונגען, אַז דאָס קינד זאָל נישט דאַרפן זיך באַנוצן מיט ליגנס.

און אין דעם איז באַשטאַנען די אייגנאַרטיקייט פון דער קינדער־היים און ד״ר קאָרטשאַקס אויפטו, אַ פּראָדוקט פון צענדליקער יאָרן מי, פּלייס און אויסדויער. דאָ איז געשאַפן געוואָרן אַזאַ אַטמאָספער פון פליכט און געוויסנהאַפטיקייט, אַז קינדער האָבן זיך אַליין אָנגעגעבן אין געריכט, פאַר האָבן געטון עפּעס וואָס איז געווען קעגן דעם רעגלאַמענט פון דער היים.

מיט דער צייט האָט זיך דאָס קינד געגעבן רעכענונג, אַז די אַלע פאָרשריפטן זיינען נישט געמאַכט געוואָרן צוליב דעם דערציערס אַ קאַפּריז, נאָר לטובת אים און לטובת אַלע בירגער פון דער קינדער־רע־פּובליק. דאָס קינד האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז יעדע קלייניקייט איז וויכ־טיק און קאָן ווירקן אויף דעם לעבן און באַקוועמלעכקייט פון דער היים.

דאָ איז געלייגט געוואָרן אַ באַזונדער אַכט אויף קלייניקייטן. יעדע מינדערוויכטיקייט איז וויכטיק אינעם לעבן פון אַ קאָלעקטיוו און קען זיך אָפּרופן אויף דער שטימונג, געוווינהייטן און נויגונגען פון קינד. פון יעדער קלייניקייט קען, קאָלעקטיוו גענומען, אויסוואַקסן אַ באַרג, אַ פּראָבלעם.

אַלץ איז וויכטיק! דאָס איז געווען די לאָזונג פון דערציער. פאַר־ביילאָזן קלייניקייטן אָן צו רעאַגירן אויף זיי, איז, דערציעריש גענו־מען, אַ פאַרלוסט פון וועלכן עס קען שפּעטער אויסוואַקסן אַ צרה.

אַלץ מוז זיין אויסגערעכנט, באַטראַכט, פאָראויסגעזען, און יעדע מינוט מוז שעפעריש אויסגענוצט ווערן פאַרן קינד.

3

איינע פון קאָרטשאַקס וויכטיקע דערגרייכונגען איז די, וואָס ער האָט געווינען דאָס קינד פאַר אַ געטרייען מיטאַרבעטער. פון אַ דער־ציערישן אָביעקט איז דאָ פאַרוואַנדלט געוואָרן דאָס קינד אין אַ דער־

ציער, אַ דערציער וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ סך פאַרשטענדעניש און אַחריות פאַר זיין אויפגאַבע.

די עמיגראַציע און אימיגראַציע איז דאָ געווען אַ שטענדיקע. עס גייען אַרויס קינדער און אויף זייער אָרט קומען נייע, אומדערפאַרענע.

דאָס איינלעבן זיך, דאָס צופאַסן זיך צו דער נייער סביבה, איז פאַרבונדן מיט שוועריקייטן און אָפטמאָל אויך מיט פיין פאַר דעם יונגן קינד. דער נייער איז אויך אומבאַקאַנט מיט זיינע מעלות און חסרונות, און עס איז נויטיק צו באַקענען זיך מיט אים, באַקומען אינפאָרמאַציע וועגן אים.

ווי אַזוי אָבער באַקומט מען דאָס? דאָס יונגע קינד באַהאַלט זיך אויס פאַרן דערציער און האָט אַ קנאַפּן צוטרוי צו אים.

דאָ איז געקומען צו הילף דאָס קינד אַליין, אין דער ראָל פון אַ דערציער.

יעדער „גרינער" איז געבליבן די ערשטע דריי חדשים אונטער דער אָבסערוואַציע פון אַ קינד אַ דערציער. די אויפגאַבע פון דעם יונגן דערציער איז געווען נאָכצופאָרשן זיין יונגן חבר, באַקענען זיך מיט זיין אופן פון באַגיין זיך מיט אַנדערע. ער דאַרף צושטעלן ביאָגראַפישע ידיעות וועגן דעם נייעם, ווי אויך זאַמלען שטריכן וועגן זיין כאַראַקטער.

גלייכצייטיק איז אויך געווען די אויפגאַבע פון יונגן דערציער צו באַקענען דעם נייעם מיט די עלעמענטאַרסטע ידיעות וועגן דער נייער סביבה און אירע פליכטן. דער יונגער דערציער איז אויך דער באַשיצער פון דעם „גרינעם". ער דאַרף אים אויסהיטן פון כל־ערליי טובה־טוערס, פון פלינקע סוחרים און פון סתם פייניקער, וועלכע האָבן ליב אויסצונוצן די אומדערפאַרנקייט פון אַ נייעם.

יעדן טאָג פאַרשרייבט דער יונגער דערציער אין אַ העפט אַלע זיינע באַמערקונגען וועגן נייעם, ווי אויך וועגן זיין איינלעבן זיך מיט אַנדערע קינדער, וועגן זיין טעטיקייט און בכלל וועגן זיין אויפפירן זיך.

נאָך אַ חודש צייט באַקומט מען אויפן יסוד פון די טעגלעכע קאָמוני־קאַטן אַ געַנוי בילד פון דעם נייעם קינד.

אין די מערסטע פאַלן האָט דאָס קינד גלענצנד דערפילט מיט זיין אויפגאַבע. דאָס אַנפאַרטרויען דעם קינד די ראָל פון אַ דערציער האָט אַ סך אומגעהויער וויכטיקע באַדייטן:

א) דאָס קינד לערנט זיך אויס סיסטעמאַטיש צו אָבסערווירן און דערקענען זיינע חברים.

ב) אין זיין דערציערישער אַרבעט טרעפט זיך אָן דאָס קינד מיט פאַרשיידענע שוועריקייטן, און דאָס דערנענטערט אים במילא צום דער־ציער׳. דאָס קינד הייבט אָן בעסער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דער דערציער האָט אַזוי און נישט אַנדערש רעאַגירט, ווען ער האָט זיך געפונען אין אַן ענלעכער סיטואַציע.

ג) דאָס נייע קינד געפינט אין זיין יונגן דערציער אַ שטענדיקן באַ־שיצער, אַ פיל בעסערן ווי אין דעם עלטערן דערציער, ווייל עס זיינען פאַראַן אַ גאַנצע ריי פאַלן, ווען דער דערציער דאַרף נישט און קאָן נישט אינטערווענירן, ווייל ער וועט מיט זיין אינטערווענץ נאָר פאַרערגערן.

ד) מען באַקומט דורך דעם יונגן דערציער אַ גאַנצע כאַראַקטעריס־טיק פון דעם נייעם, וואָס וואָלט געווען שווער צו דערגרייכן דורך אַנ־דערע וועגן.

ה) אַזוי אַרום ווערט פאַרקלענערט די מחיצה צווישן קינד און דער־ציער און עס שאַפט זיך אַ גאַנצע היעראַרכיע פון דערציער. דער יונגער דערציער איז פונקט אַזאַ אויטאָריטעט פאַר דעם נייעם אומדערפאַרע־נעם קינד, ווי דער עלטערער דערציער איז עס פאַר דעם איינגעזעסע־נעם שוין בירגער פון דער היים.

ו) דאָס קינד דערפילט אויף זיין אייגענער הויט דעם טעם פון זיין פאַראַנטוואָרטלעך. מער ווי איינמאָל קומט־אויס דעם יונגן דערציער צו ליידן צוליב דעם אויפפירן זיך פון זיין יונגן חבר.

ז) גאָר אָפט האָט געטראָפן, אַז דער דערציער איז יונגער פון דעם נייעם מיט אייניקע יאָר. אַזאַ פאַל לערנט דאָס קינד, אַז דער אונטער־

שייד אין עלטער באַדייט נישט קיין שום אויטאָריטעט. דער אונטערשייד צווישן קינד און זיין דערציער, ליגט נאָר אין דער מאָס דערפאַרנקייט, וואָס יעדער פון זיי פאַרמאָגט.

דער יונגער דערציער האָט זיך געפונען געגוג פריי אין זיין ערנסטער ראָל. פון זיין נאָטיץ־ביכל האָט מען זיך געקאָנט אַ סך אויסלערנען.

פאַר זיין פאַראַנטוואָרטלעכער דערציערישער אַרבעט האָט דאָס קינד באַקומען אַן אָנדענק־קאַרט. יעדע עטלעכע חדשים ווערן געמאַכט פאַר־זאַמלונגען פון אַזעלכע קינדער־דערציער, און עס זיינען פאַרגעלייענט געוואָרן אויסצוגן פון די בעסטע נאָטיצן און כאַראַקטעריסטישע שטעלן פון זייערע טאָג־ביכלעך.

יעדער איינער פון די קינדער האָט זיך געקאָנט פאַרשרייבן אַלס קאַנדידאַט אויף דערציער, אָבער מען האָט דערצו געמוזט האָבן, אַחוץ די נויטיקע קוואַליטעטן, אויך די צושטימונג פון דער אַלגעמיינער קינדער־פאַרזאַמלונג.

## 4

זייער אַ סך אויפמערקזאַמקייט איז דאָ געשאָנקען געוואָרן דעם סיסטעם פון די עפנטלעכע ליסטעס. אַלץ וואָס איז געשען, אָדער גע־דאַרפט געשען אין דער קינדער־היים, גוטס אָדער שלעכטס, פריילעכס אָדער טרויעריקס, איז געמאָלדן געוואָרן עפנטלעך.

דאָס איז אַ גלענצנדיק דערציעריש מיטל אַריינצוציען דאָס קינד אין דעם עפנטלעכן לעבן פון דער היים און צוגרייטן אים פאַר אַן אַקטיוון און באַוווסטזיניקן בירגער. אגב, איז דאָס אויך אַן עכט דעמאָ־קראַטישער סיסטעם: צו האַלטן אינפאָרמירט דאָס פאָלק וועגן אַלעם וואָס עס קומט פאָר אין דער סביבה.

דאָס זיינען נישט געווען נאָר פאַסיווע מעלדונגען, וועלכע מ'האָט יאָ אָדער נישט געקאָנט לייענען. די מערסטע מעלדונגען זיינען באַשטאַ־נען פון ליסטעס, אויף וועלכע דאָס קינד האָט געדאַרפט רעאַגירן, פאַר־טראַכטן זיך און גלייך דעצידירן זיך.

אַט אַ שטייגער איז אַרויסגעהאַנגען געוואָרן אַ מעלדונג, אַז מאָרגן גייט מען אין קינאָ אַריין, אָדער מ׳פאָרט אויף אַן אויספלוג. — ווער עס וויל זיך באַטייליקן, דאַרף זיך פאַרשרייבן אויף דער זעלבער ליסטע. די פראַגע, ווער עס וויל גיין אין קינאָ אָדער וויל זיך באַטייליקן אין שפּאַציר, קוקט אויס אַביסל נאַיוו, תמעוואַטע, ווייל וועלכעס קינד און ד׳ערצו נאָך דאָס קינד פון אַן אינטערנאַט, וועט זיך דאָס אָפּזאָגן פון אַזאַ געלעגנהייט? פון דערציערישן שטאַנדפּונקט איז דאָס אָבער יאָ וויכ־טיק און האָט געצילט צו וועקן אינטערעס ביים קינד פאַר אַלעם וואָס עס קומט פאָר אַרום אים.

די ליסטעס האָבן באַוויזן דאָס קינד צו זיין אויף דער וואַך, זיין אויפמערקזאַם צו די געשעענישן. נאָר געציילטע שעהן איז געבליבן הענגען אַזאַ ליסטע, און קוים האָט מען זי פאַרזען, האָט דאָס באַדייט אַ פאַרלוסט.

עטלעכע מאָל אין טאָג האָט דאָס קינד געהאַט אינטערעס צוצוגיין צום גרויסן טאָוול, וואָס איז געהאַנגען אין זאַל — דאָרט ווו עס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַלע די מעלדונגען און ליסטעס, דער פאָרום פון דער רעפּובליק — און געוויר וערן וואָס עס טוט זיך עפּעס. דאָס איז געווען גאָר אַ ווירקזאַם מיטל צו וועקן אינטערעס פאַר דער סביבה.

אויף אַזוי שטאַרק איז געווען די ווירקונג פון די ליסטעס, אַז זיי האָבן באַוויזן די נייע און יונגע קינדער, וואָס גיכער זיך אויסצולערנען לייענען און שרייבן. די נייע קינדער, וועלכע האָבן נאָך נישט געקענט לייענען און שרייבן, האָבן נאַטירלעך געמוזט אין אַזעלכע פאַלן אָנקומען צו די גרעסערע קינדער, אַז זיי זאָלן זיי פאַרשרייבן. דאָס כסדר זיין אָפּהענגיק פון אַנדערע האָט פאַר די קינדער געשאַפן אַן אומבאַקוועמע לאַגע: אפשר האָט ער מיך נישט פאַרשריבן? אפשר האָט ער פאַרגעסן, אָדער מיט אַ כיוון אָפּגענאַרט? — איז דאָס קינד אַרומגעגאַנגען באַ־זאָרגט.

און כדי צו ווערן זעלבסטשטענדיק, האָט דאָס יונגע קינד, נאָך פון פאַר־שול־עלטער, מאָביליזירט זיין ווילן, געמאַכט אָנשטרענגונגען און

פון דער העלער הויט האָט ער גענומען לייענען און שרייבן, גענוג צו קענען אַליין זיך פאַרשרייבן אויף די ליסטעס. און מערקווירדיק, קיינער האָט אים דערצו נישט געטריבן, געבעטן, נאָר ער אַליין האָט זיך געבעטן אַז מ׳זאָל אים לערנען. דאָס קענען לייענען און שרייבן איז געוואָרן פאַר אים אַ לעבנס־פראַגע.

זייער אַ וויכטיק קאַלעגיאַלן און סאָציאַלן באַדייט האָבן געהאַט די ליסטעס, וואָס האָבן געבראַכט צום אויסדרוק די באַציאונגען צווישן די קינדער׳, צווישן קינדער און פערסאָנאַל. געווען אַ ליסטע וואָס האָט געהייסן „איך דאַנק און בעט איבער״. דאָ זיינען אָפּגעשפּיגלט געוואָרן די באַציאונגען פון בין אדם לחברו.

איינער האָט דעם צווייטן געטאָן עפּעס גוטס: געהאָלפן מאַכן די לעקציעס, עפּעס געליען, זיך אָנגענומען פאַר אים בשעת אַ געשלעג. די ליסטע האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט אויסצודריקן אים עפנטלעך זיין דאַנקבאַרקייט, אָדער גאָר זיך אַנטשולדיקן פאַר אַן אומגעלומפּערטער האַנדלונג. דאָס איבערבעטן יענעם עפנטלעך האָט צעטריבן די וואָלקנדלעך פון רוגזה וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אין זייערע באַציאונגען.

די אַלע דאַנקען און אַנטשולדיקונגען זיינען אויך פאָרגעלייענט געוואָרן אין דער וועכנטלעכער צייטונג, דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער קינדער־היים.

דער דאָזיקער אופן פון דאַנקען זיך קעגנזייטיק האָט סטימולירט פריינטשאַפט צווישן די קינדער און האָט געלערנט, אַז גוטע טאַטן, ערלעכע חברשאַפט, ווערט נישט פאַרשוויגן. אַגב, האָט די ליסטע אונדז דערציילט וועגן דעם אינטימען לעבן פון קינד און די באַציאונגען צווישן זיך, פול מיט קעגנזייטיקער הילף און מיט דאַנקבאַרקייט.

געווען אויך אַזעלכע דאַנקען, אין וועלכע ס׳איז נישט געזאָגט געוואָרן פאַרוואָס.

„כ׳ווייס שוין אַליין פאַרוואָס איך דאַנק אים״.

שטאַרק כאַראַקטעריסטיש זיינען די דאַנקען פון קינדער צו פערזאָנען, וועלכע זיינען קיינמאָל נישט געווויר געוואָרן אַז ערגעצווו געוואָרן

פינט זיך אַ קינד וואָס טראָגט זיך אַרום מיט אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו זיי.

„איך דאַנק אַן אומבאַקאַנטן מענטשן פון גאַס, ווייל ער האָט מיר געהאָלפן פאַרקנעפּלען זיך דעם מאַנטל, ווען ס'איז געווען אַ שטאַרקער ווינט".

„איך דאַנק דעם פּאָליציאַנט, וועלכער האָט מיך אַריבערגעפירט די גאַס".

„כ'דאַנק מיין לערערקע פון שול, ווייל זי איז צו מיר גוט".

עס זיינען אויך געווען אַנאָנימע דאַנקען, אָן אָנצוגעבן די סיבה און דעם נאָמען.

דעם זעלבן כאַראַקטער האָבן געטראָגן די דאַנקען פון די קינדער צו די דערציער און פּערסאָנאַל, און וועלכע האָבן אָפּטמאָל געבראַכט צום אויסדרוק סובטעלע מאָמענטן פון גייסטיקן געַנוס און פון געוויסן.

„איך דאַנק דעם דערציער ב. פאַר דערציילן אונדז זייער אַ שיין מעשהלע — יאָסעלע".

„אַ דאַנק דעם קיכער פאַר דעם געשמאַקן מיטיק — מאַניע".

דער דערציער ווידער האָט דורך די דאַנקען געהאַט אַ געלעגנהייט צו סטימולירן דאָס קינד פאַר זיין פלייס, ערלעכקייט. דורך די דאַנקען האָט דאָס קינד זיך איבערצייגט, אַז דער דערציער זוכט אים נישט צו כאַפּן בלויז ביי זיינע פעלערן, נאָר ער שאַצט אים אויך אָפּ אָביעקטיוו, אין ליכט פון אַלע זיינע מעשים.

דאָס קינד האָט זיך איבערצייגט, אַז אויך די גוטע טאַטן זיינע, אַפילו די אומבאַדייטנדיקע גייען נישט אַדורך אומבאַמערקט און זיי ווערן אָפּגעשאַצט.

די עפנטלעכע דאַנקען מצד דעם דערציער צום קינד האָבן געשטאַרקט מאָראַליש די פּאָזיציע פון דערציער־פּערסאָנאַל און איינגעשטעלט פריינטלעכע באַציאונגען צווישן דערציער און קינד.

דער דערציער האָט דאָ אויך געהאַט די געלעגנהייט איבערצובעטן אַ קינד, אויב ער האָט אויסגעפונען, אַז זיין האַנדלונג צו אים איז גע־

ווען נישט קאָרעקט, טעותדיק, צוליב נישט זיין גוט אינפאָרמירט, אָדער צוליב זיין אין אַ שלעכטער שטימונג.

*****

זייער כאַראַקטעריסטיש איז אויך געווען די ליסטע פון די קלענערע אָפּנויגן. דאָס זיינען געווען קליינע עבירהלעך, אומטאַקטישקייטן, וועלכע זיינען נישט קיין פאַרברעך קעגן רעגלאַמענט, דאָך זיינען זיי פאַרצייכנט און געבראַכט געוואָרן צו דער עפנטלעכקייט. די ליסטע האָט געלערנט דאָס קינד, אַז אויך קלייניקייטן גייען נישט פאַרביי אומבאַמערקט און זיי זיינען וויכטיק.

פאַרצייכנט ווערן דריי מאָל דורך דער וואָך אויף דער ליסטע, איז שוין געווען אַ גענוגנדיקער מאָטיוו אָנגעקלאָגט צו ווערן אין געריכט.

ביי אַ זעכציק אָפּנויגן זיינען דורכשניטלעך פאַרצייכנט געוואָרן דורך דער וואָך, און זיינען פאָרגעלייענט געוואָרן אין דער וואָכן־צייטונג.

די דאָזיקע ליסטע האָט אפשר מער פון אַלע אַנדערע געבראַכט צום אויסדרוק דאָס געוויסנהאַפטיקייט פון קינד און אויך פון דערציער. אין די מערסטע פאַלן האָבן די קינדער זעלבסט זיך פאַרצייכנט, פאַלן אַזעלכע, וועלכע קיינער האָט נישט באַמערקט און קיינער וואָלט אים דערפאַר נישט געמאַכט קיין פאָרוואורף. ער האָט דאָס נאָר געטון, כדי צו זיין אין אָרדענונג מיט זיך אַליין, מיט זיין געוויסן.

האָט מען נישט זעלטן געפונען צווישן די פאַרשריבענע זעלבסט, באַשולדיקונגען פון קינדער, פאַר נישט האָבן דערפילט געוויסנהאַפט מיט זייער אַרבעט; פאַר אָנגיסן אין באָד־צימער בשעתן וואַשן זיך; אָדער פאַר שרייבן אויף דער וואַנט. דאָס איז באמת געווען אַ הויכער אויסדרוק פון דערציערישער ווירקונג און פון דער הערשנדיקער אַטמאָספער אין דער היים.

אויף דער ליסטע פון די קלענערע אָפּנויגן זיינען אויך געווען פאַרטראָטן די דערציער און אויך קאָרטשאַק זעלבסט: „כ׳האָב אָנגעפּאַטשט

פינקוסן איבער די הענט". „כ'האָב היינט פּאַרשפּעקטיק צום מיטיק". „כ'האָב געשריען צונעמען".

פון די אַנדערע ליסטעס דאַרף מען דערמאָנען: „ווער וויל דאַווע־נען?", וועגן וועלכער כ'האָב אין אַ פּאַריק קאַפּיטל אויספירלעך זיך אָפּגעשטעלט. „מיט וועמען ווילסטו זיצן ביים טיש?"

יעדן חודש האָבן די קינדער געמעגט בייטן זייער אָרט און טיש ביים עסן. אויך דער איינטייל פון אַרבעט פון דער היים, איז געמאַכט געוואָרן דורך אַ ליסטע, און יעדער איינער האָט זיך געקאָנט פרייוויליק אויסקלייבן זיין געביט.

**5**

דורך אַן עפּנטלעכער ליסטע איז אויך רעגולירט און קאָנטראָלירט געוואָרן דער האַנדל צווישן די קינדער. קאָרטשאַק האָט דעם געביט גע־שאָנקען אַ סך אויפמערקזאַמקייט, ווייל עס שפּיגלט זיך דאָ אָפּ אַ וויכ־טיקע טייל פון דעם קינדס וועלט.

דאָס קינד האָט זיך זיינע אייגנאַרטיקע באַגריפן וועגן זאַכן און זייער ווערט. פאַראַן זאַכן, וועלכע האָבן פאַר אַ דערוואַקסענעם גאָר אַ קנאַפּן ווערט, און פאַרן קינד זיינען זיי אַ גרויס געווינס, אַ פאַרמעגן. דעריבער קומט אונדז דערוואקסענע אויס אָפטמאָל קאָמיש, וואָס ביי אַ קינד קען מען גאַנץ לייכט אַרויסבאַקומען אַ קאָסטבאַר חפץ פאַרן פרייז פון עפּעס אַ גאָרנישט.

די סיבה דערפון איז, וואָס מיר שאַצן־אָפּ אַנדערש ווערטן ווי דאָס קינד. דעם קינדס אַרט האַנדל דערמאָנט דעם פרימיטיוון אויסטויש־האַנדל פון אור־מענטש, ווען ער האָט נאָך נישט אָפּערירט מיט געלט, נאָר געקויפט און פאַרקויפט פאַר שפּייז, פאַר געצייג. דאָס קינד שאַצט נישט די זאַך, לויט איר געלט־ווערט, נאָר לויט דעם אינטערעס וואָס ער האָט דערפאַר, אויף וויפל די זאַך איז אים געפעלן און אויך אויף וויפל דאָס איז אים אין דעם מאָמענט נוצלעך.

דאַרף ער אַ רייף צו פאַרן און זי געפעלט אים, איז טאַקע רעכט, ער זאָל דערפאַר אַוועקגעבן אַ ניי מעסערל. איז דאָס קעסטעלע אַ באַ־חנ׳טס און עס קען צונויץ קומען אַריינצולייגן פענעס — פאַרוואָס זאָל ער עס נישט אויסבייטן אויפן לעדערנעם פאַסיק, וועלכער ברענגט אים נישט קיין גרויסן נוצן?

דאָ דאַרף מען דערמאָנען נאָך אַ מאָמענט, וואָס באַאיינפלוסט דעם ווערט פון די זאַכן ביים קינד.

דאָס קינד׳, וואָס לעבט אין אַן ענגן קרייז, האָט אַ געוואַלדיקן דראַנג צו באַרייכערן זיין דערפאַרונג מיט נייע, פאַר אים אומבאקאנטע קעגנ־שטאַנדן און דערשיינונגען, און ער איז טאַקע אויך גרייט אַוועקצוגעבן פאַר זיי די אַלע זאַכן, וועלכע ער קען שוין גענוג און זיי האָבן שוין פאַר־לוירן פאַר אים יעדן אינטערעס.

עס טרעפט גאַנץ אָפט, אַז אין עטלעכע טעג אַרום נאָכן קויף, ווען ער ווערט געוויר דורך אייגענער איבערצייגונג, אַז די נאַר־וואָס אייג־געהאַנדלטע זאַך, איז נישט אַזוי געוואַלדיק אינטערעסאַנט — ער האָט זיך שוין דערמיט גענוג אָנגעשפּילט און אָנגעזעטיקט — דעמאָלט באַ־קומט ער חרטה אויפן גאַנצן עסק און ער פאָדערט צוריק זיין זאַך.

אין אַן אינטערנאַט פעלן נישט קיין ראַפינירטע „סוחרימלעך״, וועלכע נוצן־אויס די נאַיוויטעט און אומדערפאַרנקייט פון דעם נייעם קינד׳, און זיי מאַכן מיט אים „גלענצנדע געשעפטן״.

דער האַנדל איז אַ גרויסע פּלאָג פאַרן אינטערנאַט. ער ברענגט אָפט צו קריגערייען, געשלעגן און ער שטעלט כסדר צו באַעוולהטע און געלי־טענע. דערפאַר האָבן טאַקע אַ סך אינטערנאַטן אינגאַנצן פאַרווערט ביי זיך דעם האַנדל. דערמיט ווערט אָבער געטון אַן עוולה דעם קינד.

די ליסטע פון „טראַנזאַקציעס״ האָט טיילווייז געלייזט די שוועריג־קייטן וואָס ווערן פאַראורזאַכט דורך דעם האַנדל צווישן די קינדער. יעט־ווידער האַנדל־אָפּמאַך צווישן קינד און קינד, האָט געמוזט פאַרנאָטירט ווערן אויף דער ליסטע און ווערט דערנאָך פאַרעפנטלעכט אין דער וואָכן־ציימונג.

מיטן פאַרנאַטירן זיך אויך דער ליסטע ווערט די טראַנזאַקציע שוין לעגאַליזירט, באַשטעטיקט, גלייך ווי זי וואָלט אָפיציעל פאַררעגיסטרירט געוואָרןביים רעיענט. קיינער פון די צדדים קאָן שוין דעמאָלט נישט קומען מיט וועלכע נישט איז פרעטענזיעס.

יעדע טראַנזאַקציע פון דעם נייעם קינד, מוז פריער אויך האָבן די גוטהייסונג פון זיין יונגן דערציער, זיין באַשיצער.

די ליסטע פון טראַנזאַקציעס האָט געלערנט דאָס קינד צו זיין אָנט־שלאָסן. קוים ביסטו איינגעגאַנגען אויפן געשעפט — איז פאַרפאַלן!

דער דערציער ווידער האָט געהאַט דורך דער ליסטע אַ גלענצנדיקע געלעגנהייט נאָכצופאָלגן די קינדער, אָבסערווירן און דערקענען זיי. די האַנדלשאַפט צווישן די קינדער האָט אים אַ סך דערציילט און אָפטמאָל געגעבן דעם שליסל צום כאַראַקטער פון געוויסע קינדער.

## 6

מען דאַרף דערמאָנען אויך די „ליסטע פון פרי־אויפשטיין".

דאָס אויפשטיין באַצייטנס איז אַ פּראָבלעם פאַרן קאָלעקטיוון לעבן פון אינטערנאַט. אין די מערסטע פון די אַנשטאַלטן שפּילן זיך אָפּ אין די פרימאָרגן־שעהן ברוטאַלע סצענעס ביים וועקן די קינדער. געשרייען, קללות, דראָאונגען, וואָס פאַרענדיקן זיך מיט אַראָפּשלעפּן די קאָלדרעס פון די קינדער.

די ליסטע פון פרי־אויפשטיין האָט פאַרמיטן די אַלע סצענעס און סטימולירט די קינדער צו שטאַרקן זייער ווילן.

יעדע דריי חדשים איז אַרויסגעהאָנגען געוואָרן די ליסטע. דאָס איז געווען ווי עפּעס אַן איינלאַדונג אויף העלדישקייט. פאַרשטייט זיך, אַז קיינער וועט זיך נישט אָפּזאָגן פון ווערן אַ העלד, — האָבן זיך טאַקע כמעט אַלע פאַרשריבן.

שווערער איז אָבער דערנאָך מיטן אויפשטיין, ווייל אויפשטיין דאַרף מען פּונקט מיטן וועקער צוגלייך, זעקס אַזייגער פרי, סיי זומער,

סיי ווינטער, בשעת די אַנדערע האָבן נאָך געקאָנט בלייבן אין די בעטן אַ גאַנצע האַלבע שעה.

באַזונדער שווער קומט אָן דאָס פרי־אויפשטיין די ניי־געקומענע, זיי זיינען נישט געוווינט צו אַזאַ דיסציפּלינירטן לעבן.

כדי צו פאַרמילדערן אַביסל דעם עול פון פרי־אויפשטיין, האָט יע־דער געהאַט דאָס רעכט, אין פאַרלויף פון די דריי חדשים, צו פאַרשפּע־טיקן זיך פינף מאָל און פאַרבלייבן אין בעט נאָכן וועקער. איז אָבער די קינדער אַ שאָד געווען אויסצונוצן די דאָזיקע רעכט. זיי האָבן עס באַ־האַלטן, אָפּגעלייגט אויף מאָרגן, אויף אַן אַנדערש מאָל, ווען עס וועט זיין שטאַרק קאַלט, ווען עס וועט זיך נישט גלוסטן אויפשטיין.

איידער עס הערט זיך דאָס גלעקל פון וועקער, טאָר מען נישט רעדן אין שלאָף־זאַל. אַ סך פון די קינדער ליגן שוין וואַך אין די בעטן און וואַרטן ביז דער זייגער וועט דערציען ביז זעקס.

אין דרויסן איז אַזוי קאַלט, מע זעט דעם אייגענעם אָטעם אין דער לופט. די שויבן זיינען באַדעקט מיט ווייסע פּעלעכלעך, און אונטער דער קאָלדרע איז אַזוי גוט, אַזוי מחיהדיק וואַרעם. ווער קאָן אָפּשאַצן דעם ווערט פון קאָנען פאַרבלייבן נאָך אַ האַלבע שעה אין וואַרעמען בעט?

קוים דערהערט זיך אָבער דער וועקער — אַזוי ווי אויף אַ קאָמאַנ־דע שטייען שוין אַלע אויפן קאַלטן פּאָל און ענטפערן „כ'בין דאָ!", ווען מ'רופט אויס זייערע נעמען.

דאָס איז געווען אַן אַקט פון שטאַרקן ווילן, וואָס האָט געקאָסט דעם קינד נישט ווינציק אָנשטרענגונג.

נישט אַלע אָבער קאָנען מיטמאַכן דעם קורס, דעם אויפשטייג. „איך מעג נאָך דריי מאָל נישט אויפשטיין" — ווען איך היינט נאָך ליגן איי־ניקע מינוט — טראַכט זיך איינער, אַ צווייטער.

נאָר געציילטע זיינען זיי געווען, און אויך זיי זיינען מיט דער צייט מיטגעריסן געוואָרן. זיי האָבן נישט געקאָנט בלייבן אין די בעטן, זעענ־דיק ווי זייערע חברים שפּרינגען אַזוי העלדיש פון די בעטן. אויך זיי זיינען אָנגעשטעקט, מיטגעריסן געוואָרן פון דעם „מאַסן־העראָיזם" פון פרי־אויפשטיין.

פאַר איינעם וואָס האָט דאָס נישט געזען פון דער נאָענט און גע־לעבט אין דער אַטמאָספער, איז ממש שווער צו באַגרייפן די ווירקונג פון דער ליסטע, וואָס איז געווען אַ וויכטיקער דערציאונג־אינסטרומענט און אַן אינסטיטוציע פאַר זיך.

***

עס זיינען אויך געווען, אַחוץ די פערמאַנענטע, אויך איינמאָליקע ליסטעס, פאַרבונדן מיט טאָג־געשעענישן. אָדער וויכטיקע מעלדונגען פון געריכט, פון קלוב, ביבליאָטעק און פון אַנדערע אינסטיטוציעס. אַחוץ זייער דערציערישן באַדייט און ווירקונג, זיינען די ליסטעס געווען אויך אַ גרויסע הילף פאַר דעם דערציער און האָבן אים דערמעגלעכט בעסער צו דערקענען דאָס קינד.

די ליסטעס האָבן געבראַכט אוממיטלבאַר צום אויסדרוק די קעגנ־זייטיקע באַציאונגען צווישן זיך, און האָבן אויך אופגעקלערט געוויסע אינטימע מאָמענטן פון קינדס לעבן, פון זיין איך.

## 7

קאָרטשאַק האָט זיך באַנוצט מיט אַלע מעגלעכע דערציערישע מיט־לען, וועלכע האָבן נאָר געקאָנט ווירקן אויפן קינד און העלפן צו שטאַרקן זיין ווילן און אויספורעמען זיין כאַראַקטער. האָבנדיק פאַר זיך דעם ציל, האָט ער אָפטמאָל פאַרבויגן, זיך נישט גערעכנט מיט די אָנגענומענע פּעדאַגאָגישע כללים, נאָר אָריענטירט זיך לויט די פּראַקטישע דערגריי־כונגען, אָדער לויט זיין סענטימענט צום קינד, ווי אָפּצוהיטן און שטאַרקן זיין פּערזענלעכקייט.

אַ וויכטיקע דערגרייכונג איז געווען דער סיסטעם פון געוועטן זיך, מיט וועלכן קאָרטשאַק האָט פּערזענלעך אָנגעפירט, און וואָס האָט גע־געבן אומגלויבלעכע רעזולטאַטן.

איינמאָל אין דער וואָך זיינען געמאַכט געוואָרן די געוועטן. ווער

עס האָט שלעכטע אייגנשאַפטן, שעדלעכע נויגונגען מיאוסע געוווינ־הייטן אָדער העויות, און ער וויל זיי בייקומען, פּטור ווערן פון זיי — קען ער קומען און זיך געוועטן מיטן דערציער.

דער ציל פון געוועט איז: נישט אָנוואַרפן די קינדער טרוקענע פאַר־שריפטן, נאָר דערוועקן אין זיי אַ באַגער, אַ פאַרלאַנג צו פאַרפולקאָמען זיך, צו אַליינאויסבעסערונג.

אַז מען האָט געזען די גרויסע צאָל קינדער, עלטערע און קלענערע, וועלכע זיינען געקומען זיך געוועטן, איז מען געוואָרן איבעראַשט, ווי ווייט דער איינפיר איז אַריין אין לעבן, איז געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג ביי די קינדער.

די געוועטן זיינען געפירט געוואָרן זייער דיסקרעט. יעדער פון די קינדער איז פאַרבליבן מיט קאָרטשאַקן אַליין, פּנים אל פּנים, און זיך פאַר אים פאַרטרויט מיט זיינע שוואַכקייטן:

— איך וויל זיך אָפּגעוויינען פון שרייען צונעמען.

— איך וויל זיך אָפּגעוויינען פון זאָגן ליגן.

— פון שלאָגן די קליינע חברה.

— איך וויל זיך צוגעוויינען אויפשטיין פרי.

מיט איין מאָל בייקומען אַזאַ געוווינהייט איז שווער, גאָר שווער. געוועט מען זיך צום ערשטן מאָל, אַז די וואָך וועט ער נישט שרייען מער ווי צען מאָל צונעמען אויף זיינע חברים.

אַ גאַנצע וואָך האַלט ער מלחמה מיט זיך אַליין, בייצוקומען זיין שלעכטע געוווינהייט, און ער האָט שוין אָפּגעהאַלטן דעם ערשטן נצחון:

— מער נישט ווי 8 מאָל האָט ער געשריגן צונעמען!

ער האָט געוווּנען הייסט עס דעם געוועט. באַקומט ער אַ צאָל צו־קערלעך, אָדער דעם בילעט אין קינאָ אַריין.

דאָס צווייטע מאָל איז ער שוין אַביסל זיכערער ביי זיך, געוועט ער זיך נאָר אויף 8 מאָל שרייען צונעמען.

דער קאַמף מיט זיין געוווינהייט איז דאָס מאָל נאָך פאַרביסענער, און עס טרעפט אויך, אַז ער ווערט באַזיגט, ער קען נישט ביישטיין דעם נסיון, דעם רייץ פון באַנוצן זיך מיט אַ פּאַסיקן צונאָמען.

און אַזוי גייען דורך וואָכן פון עליות און ירידות, ביז ער דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה — בייגעקומען, באַהערשט זיין געוווינהייט, נאָך אַ פאַרביסענעם קאַמף מיט זיך. דאָס איז נישט קיין קלייניקייט פאַר דעם קינד.

די געוועטן האַלט ער נאָך ווייטער אָן, כדי צו זיין אינגאַנצן זיכער, און דערנאָך קומט ערשט די אמתע פרייד פון נצחון:

„איך דאַרף זיך שוין מער נישט געוועטן, כ'האָב זיך שוין אָפּגעוווינט!"

נישט אַלע קינדער ווילן פאַרטרויען זיך דעם דערציער מיט זייערע שוואַכקייטן. פאַראַן שעמעוודיקע, פאַרבאָרגענע, פאַרשלאָסענע, און זיי גיבן נישט אָן די סיבה, דעם ציל פון געוועט. קיינער פאָדערט עס אָבער נישט ביי זיי, אַז זיי זאָלן דווקא אויפדעקן זייערע נשמה־באַהאַלטענישן.

ביים פאַרשרייבן די געוועטן אָפּערירט קאָרטשאַק מיט געציילטע ווערטער. יעדעס איבעריק וואָרט. קאָן דאָ פאַרשאַפן ווייטיק דעם קינד. פאַרוווּנדן אים. „איף וואָס?" „געוווּנען, אָדער פאַרשפּילט?" אויב ער פאַרשטייט, אַז דער קאַמף וועט זיין פאַרן קינד צו שווער, — רעדט ער אים צו צו אַ גרעסערער צאָל.

דער מאָמענט איז אַ פייערלעכער, אַ הייליקער מאָמענט, און דער דערציער באַציט זיך צום קינד מיטן פולן צוטרוי. די פראַגע פון ליגן זאָגן ביי די געוועטן — עקזיסטירט אינגאַנצן נישט.

די געוועטן שאַפן אַרום זיך אַן אַטמאָספער פון אַבסאָלוטן אמת. נישט אין די צוקערלעך גייט עס און אויך נישט אינעם קינאָ־בילעט, נאָר אין עפּעס העכערס — אין אַ קאַמף מיט זיך אַליין, מיט זיין אייגענעם איך. די געוועטן האָבן סטימולירט דאָס קינד צו וועלן באַהערשן און אַריבערשטייגן זיין אייגענעם איך.

דער דערציער האָט בשעת די געוועטן געזען פאַר זיך די גרייטקייט און דעם קאָמפּסלוסט פון יונגן קינד, אין זיין דראַנג צו שלימות.

## 8

אַ וויכטיק דעמאָקראַטישער און פּראַקטיש־דערציערישער איינפיר איז געווען דער פּלעביסציט. צו יעדער צייט האָט מען דאָ געקענט וויסן וואָס פּאַראַ מיינונג די געזעלשאַפט האָט וועגן יעדן בירגער אירן און אויך וועגן די דערציער. די קינדער האָבן באַקומען די מעגלעכקייט די־רעקט צו לאָזן הערן זייער מיינונג דורך אַ פּלעביסציט.

דער פּלעביסציט איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דעם גאַנצן פאַר־זיכט. נישט צו שעדיקן קיינעם. די אָפּשטימונג איז געווען אַ געהיימע.

מיט עטלעכע שעה פריער איז געמאָלדן געוואָרן עפנטלעך די נע־מען פון די יעניקע, איבער וועלכע עס וועט היינט זיין אַ פּלעביסציט. דאָס האָט געגעבן צייט די קינדער קלאָר צו מאַכן זיך זייער שטעלונג און מיינונג וועגן די חברים זיינע וועגן וועלכע ער דאַרף זיך אַרויסזאָגן.

טעכניש איז די אָפּשטימונג דורכגעפירט געוואָרן אַזוי: יעדעס קינד האָט באַקומען דריי קאַרטלעך. יעדעס קאַרטל האָט געהאַט איינעם פון די צייכנס: +, —, 0.

דער ערשטער צייכן האָט באַדייט אַ פּאָזיטיווע באַציאונג. דער מינוס — אַ נעגאַטיווע מיינונג, און די נול האָט געמיינט — גלייכגיל־טיק.

דאָס קינד האָט אַריינגעוואָרפן אין שטים־קאַסטן דעם צייכן וואָס האָט אויסגעדריקט זיין מיינונג וועגן דעם פּלעביסציטירטן.

דער פּלעביסציט ווערט דורכגעפירט אין אַ שעה ווען אַלע קינדער זיינען דאָ, אַמבעסטן ביים עסן. און דעם זעלבן טאָג נאָך ווערט עפנטלעך געמאָלדן דער רעזולטאַט פון פּלעביסציט און די פּערזאָן, וועמען דאָס איז נוגע געווען, האָט די מעגלעכקייט צו וויסן וואָס מען טראַכט וועגן אים.

די דערציערישע ווירקונג פון פּלעביסציט איז אומגעהויער גרויס. דאָס קינד לערנט זיך אויס, אַז דער מענטש איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין קלענסטן טאַט. אַלץ וואָס ער טוט און ווי ער באַגייט זיך מיט אַנ־

דערע, באַקומט אַן אָפּקלאַנג אין דער סביבה, אין וועלכער ער לעבט.

דער פלעביסציט גיט דעם קינד די מעגלעכקייט צו דערקענען זיך אַליין, פאַרגלייכנדיק זיך מיט אַנדערע.

מען דאַרף אויך נעמען אין אַכט, אַז נישט שטענדיק קאָן און פאַר־שטייט די געזעלשאַפט אָביעקטיוו און ערלעך אָפּצושאַצן דעם ווערט פון אירס אַ מיטגליד. די געזעלשאַפט נעמט אָפטמאָל אין אַכט אַנדערע פאַק־טאָרן, זייטיקע און זי דערזעט נישט דעם עיקר.

שטיצן זיך אינגאַנצן אויפן פלעביסציט וואָלט געווען נישט ריכטיק. האָט ער דעריבער געדינט פאַרן דערציער נאָר ווי אַ דערגאַנצונג. ביים שאַפן זיך אַ מיינונג וועגן אַ קינד האָט מען אויך גענומען אין אַכט נאָך אַנדערע מאַטעריאַלן, וואָס דערציילן וועגן דעם אַרט לעבן, אויפפירן זיך און וועגן זיין כאַראַקטער, ווי אויך די צאָל פּראָצעסן, קלענערע אָפּנויגן א. אַנד.

דער פלעביסציט צייכנט זיך אָבער אויס מיט זיין זעלטענער פּינקט־לעכקייט און ער ווייזט ווי ווייט עס איז באַוווסטזיניק די מיינונג וואָס קינדער האָבן וועגן אַנדערע.

ס'איז, למשל, געמאַכט געוואָרן אַזאַ עקספּערימענט: דער פלעביס־ציט וועגן די זעלבע פּערזאָן האָט זיך איבערגעחזרט ביז דריי מאָל, און אַלע דריי מאָל האָט דער פלעביסציט געבראַכט דעם זעלבן רעזולטאַט.

עס זיינען אויך פאַרגליכן געוואָרן די רעזולטאַטן פון נאָכן עסן און פון פאַרן עסן, און דער אונטערשיד איז געווען אַ מינימאַלער. דאָס ווייזט, אַז די געשאַפענע מיינונג וועגן איינעם איז אַ פעסטע, אַ סאָלידע און נישט קיין צופעליקע.

ווען דאָס קינד לייענט דערנאָך איבער דעם רעזולטאַט פון זיין פלע־ביסציט, מוז ער נישט ווילנדיק זיך פאַרטראַכטן: „צי האָבן מיינע מע־שים און אויפפירונג אין לעצטן יאָר באמת פאַרדינט אויף אַזאַ מיינונג פון דער געזעלשאַפט?“

און ס'איז גאָר קיין ספק נישט, אַז דער פלעביסציט האָט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויפן קינד. ער האָט זיך קאָנטראָלירט געצוימט צו־

ליב דעם. ס׳איז זייער כאַראַקטעריסטיש און אילוסטרירנד דער פאַקט, אַז אין די לעצטע חדשים פאַר דעם פלעביסציט זיינען די צאָל פראַצעסן פאַר שרייען צונעמען, פאַר געשלעגן, פאַרקלענערט געוואָרן ביז מינימום.

דאָס קינד קען אויך האָבן זיין מיינונג וועגן יעדן איינעם פון די דערציער און די מיינונג דרייסט אַרויסזאָגן דורך אַ פלעביסציט. זיינען טאַקע די פלעביסציטן אויך דורכגעפירט געוואָרן וועגן פערסאָנאַל פון אַנשטאַלט. כדי אָבער אויסצומיידן די אומגעוווּנטשענע קאָנסעקווענצן פון פלעביסציט, וועלכער וואָלט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דער ווייטערדיקער אַרבעט פון דערציער אָדער דערציערין, איז דער פלעביסציט דורכגעפירט געוואָרן ערשט נאָכן האָבן פאַרלאָזט דעם אַנשטאַלט.

ווען עס קומט אַ ניי קינד אין אַנשטאַלט, גיט מען דער געזעלשאַפט אַ חודש צייט אויף צו באַקענען זיך מיט דעם נייעם מיטגליד. נאָך דעם ערשטן חודש, ווערט דורכגעפירט וועגן אים דער פלעביסציט. אויב די צאָל מינוסן שטייגט אַריבער די צאָל פלוסן, באַקומט ער דעם טיטל — „פאַרדעכטיקער אָנפאַנגער״, און עס דראָט אים די געפאַר צו מוזן פאַרלאָזן די היים. אויב די צאָל פלוסן שטייגט אַריבער די צאָל מינוסן, בלייבט ער אַ גאַנץ יאָר, ביז צו דעם קומענדיקן רעהאַביליטאַציע־פלעביסציט — „אַן אָנפאַנגער״.

אויך אין מיטן יאָר זיינען פאַראַן פאַרשיידענע פלעביסציטן, ווי למשל, דער „געזעגענונג־פלעביסציט״, וועלכער ווערט איינגעאָרדנט ווען אַ קינד פאַרלאָזט דעם אַנשטאַלט. דער רעזולטאַט פון דעם פלעביסציט דעצידירט וועגן דער אייביקער מיינונג וואָס עס וועט בלייבן דער געזעלשאַפט וועגן אים.

אויף דער זומער־קאָלאָניע פון דער היים איז פאַראַן נאָך אַ מין פלעביסציט, אַ זייער כאַראַקטעריסטישער, וועגן דער קאָלאָניע אַלס גאַנצע: „כ׳האָב ליב די קאָלאָניע״, „כ׳האָב נישט ליב די קאָלאָניע״, „ס׳איז מיר אַלץ איינס״.

אויפן סמך פון די פלעביסציטן זיינען איינגעשטעלט געוואָרן פאַר־

שײדענע גרופּירונגען, אָדער סאָציאַלע מדרגות צװישן די קינדער. די מדרגות זײנען געװען:

קעניג פון די חברים.

סימפּאַטישער חבר.

חבר.

אײנװױנער.

גלײכגילטיקע אײנװױנער.

אומדערטרעגלעכע געסט.

פאַרדעכטיקער אַנפאַנגער.

דער „קעניג פון די חברים" איז יעדעס יאָר אױסגעקליבן געװאָרן דורך די קינדער. אַזאַ אײנער איז געװען דער ליבלינג פון דער הײם און איז װירקלעך געװען אַ מוסטערהאַפטער חבר.

מ'דאַרף פאַרשטײן, אַז די גרופּירונגען האָבן נישט געשאַפן קײן פאַרשײדענע קלאַסן צװישן די קינדער מיט מער אָדער װײניקער פּריװי־לעגיעס. דאָס באַצײכנט װערן אַלס „סימפּאַטישער חבר" האָט נישט גע־געבן קײן פּריװילעגיעס דעם קינד. ס'האָט געטראָפן אַז אַ „סימפּאַטי־שער חבר", אָדער דער באַזיצער פון אַן אַנדערן טיטל, איז געװען אַ שלעכטער שילער, אָדער איז געװען פאַרעכנט אין אַ נידעריקער קאַטע־גאָריע פון רײנקײט.

די קינדער־גרופּירונגען האָבן נישט געשאַפן קײן אַנטאַגאָניזם, קײן פאַרביסענע שנאה פון אײן שיכט צום צװײטן, װעלכע עקזיסטירט אין דער געזעלשאַפט פון דערװאַקסענע. די אײנטײלונג איז בלױז אַ פאָרמעלע, אָבער נישט קײן פּאַקטישע.

דער „קעניג פון די חברים", למשל, אונטערשײדט זיך גאָרנישט אין דעם אַלטעגלעכן לעבן פון דעם „אומדערטרעגלעכן גאַסט". אײן שיכט האָט נישט מער רעכט פאַרן צװײטן. אַפילו אױסערלעך, די הלבשה, שײדט זיך מיט גאָרנישט אונטער.

אַרױסגײענדיק פון קינדס שטאַנדפּונקט, איז פאַר אים פיל מאָל שװערער צו זײן אַ „סימפּאַטישער חבר" װי אַן „אומדערטרעגלעכער

גאַסט״. דער ערשטער האָט פיל מער פליכטן לגבי דער געזעלשאַפט, עס פאָדערט זיך פון אים פיל מער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, מער פלייס, מער אויסגעהאַלטנקייט ווי פון דעם צווייטן.

דער פאַקטישער אונטערשייד פון איין שיכט ביז דעם צווייטן, ליגט בלויז אין דער מאָס צוטרוי, וועלכע מ׳האָט צו אים, און אין דער גרויס פון אחריות, וואָס ער טראָגט אויף זיך.

די פאַרשיידנפאַרביקייט פון די שיכטן אין דער קינדער־געזעלשאַפט לערנט זיי, אַז אַ מענטש טאָר נישט שטיין אויף אַן אָרט, נאָר מוז זיין אין אַ שטענדיקער ריטמישער באַוועגונג, אין אַ פּערמאַנענטער שטרע־בונג צו אַנטוויקלען און פערפעקציאָנירן זיך.

דאָס געהערן צו איין גרופּע אָדער צו אַ צווייטער — האָט דאָס קינד באַגריפן — איז נישט קיין ירושה־זאַך, איז נישט קיין חסד, קיין פּריי־ווילעגיע פון קיינעם, נאָר איז אָפּהענגיק, אויסשליסלעך, פון אים זעלבסט, פון זיינע מעשים און צונויפלעבן זיך מיט אַנדערע.

9

די וויכטיקסטע אַרבעטן, ווי אָפּהיטן די ריינקייט פון דער גרויסער היים, די אַרבעט אין דער שניידעריי, מיטהילף אין דער קיך, אין דער וועשעריי, און דאָס באַדינען דעם עס־זאַל, איז געטון געוואָרן דורך די קינדער זעלבסט.

די אַרבעט האָט געטראָגן אַ פרייוויליקן כאַראַקטער. ווי שוין גע־זאָגט, איז דאָס קינד געווען אַ טיכטיקער און געוויסנהאַפטער מיטאַרבע־טער אויף אַלע געביטן. ס׳איז אָבער נישט געווען גרינג צו אָרגאַניזירן די גאַנצע אַרבעט, איינטיילן זי און פעסטשטעלן ווער ס׳איז פאַראַנט־וואָרטלעך אַז זי וועט געטאָן ווערן.

דאָס איינטיילן די אַרבעט־געביטן קומט פאָר יעדע צוויי חדשים. דאָס קינד האָט רעכט זיך אויסצוקלייבן די אַרבעט וואָס געפעלט אים. ער דאַרף דאָס מעלדן שריפטלעך. אויב עס זיינען פאַראַן עטלעכע

בעלנים אויף דער זעלבער אַרבעט, ווערט גענומען אין אַכט דער, וועל־כער האָט דעם לעצטן חודש דערפילט מיט זיין פליכט אָן שום פּאַר־וורפן. פאַראַן אַרבעטן וועלכע ווערן געטון דורך עטלעכע קינדער צו־זאַמען, נאָר איינער פון זיי איז דער פאַראַנטוואָרטלעכער.

ווען אַ קינד איז נישט צופרידן מיט זיין אַרבעט, קען ער זי אויס־בייטן אויף אַ צווייטער, מיטן הסכם פון דער דערציערין. פאַר נישט־ער־לעכקייט, אומפּינקטלעכקייט, פאַר מיסברויכן, קאָן מען אָנגעקלאָגט ווערן אין געריכט. אויב עס ווערט דורכן געריכט אָנערקענט זיין שולד, ווערט ביי אים אינגאַנצן צוגענומען די אַרבעט און ער ווערט באַצייכנט ווי „אַן אויסנאָם׳ — אַ טיטול, וואָס פאַרשאַפט נישט קיין באַזונדער פאַרגעניגן אין אַן אַטמאָספער פון אַרבעט, פלייס און פליכט.

דאָס טראָגן די פליכט פון אַרבעט פאַר דער היים, איז דאָ באַ־טראַכט געוואָרן ווי אַן ערן־זאַך. די אַרבעט איז געמאָסטן געוואָרן לויט דער צייט וואָס זי פאָדערט. אַן אַרבעט וואָס פאַרלאַנגט זאָגן מיר אַ האַלבע שעה טעגלעך, רעכנט זיך פאַר אַן אַרבעט־איינהייט, אָדער 30 פונקטן אַ חודש. אַן אַרבעט וואָס האָט גענומען אַ שעה טעגלעך, האָט געהאַט 60 שעה דורכן חודש.

די קינדער זעלבסט האָבן פאַרצייכנט אויף דער ליסטע זייערע אַר־בעט־שעהן. פאַר אָנזאַמלען זיך 500 אַרבעט־שעה — באַקומט מען אַן אָנדענק־קאַרט „פאַר אַרבעט". אויב עס האָט זיך ווער דערשלאָגן צו ווערן דער באַזיצער פון 6 אַזעלכע קאַרטן אין פאַרלויף פון צוויי יאָר, איז ער באַלוינט געוואָרן מיטן ערן־טיטל — „אַרבעטער". אַזאַ טיטל איז דאָ זייער געשאַצט געוואָרן און איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ גרויסע דערגרייכונג.

די אַרבעט אין וואַקאַציעס און אין יום־טוב־טעג איז פאַרעכנט גע־וואָרן פאַר טאָפּלט.

ס׳איז געווען נאָך אַ מין אַרבעט: אָן קיין פאַרפליכטונג, נאָר דורכאויס פרייוויליק. ס׳איז גענומען געוואָרן אין אַכט, אַז נישט יעדעס קינד קאָן זיך פאַרפליכטן צו צוויי־חדשימדיקער רעגלמעסיקער, פאַראַנט־

וואָרטלעכער אַרבעט. פאַראַן טעג, ווען דאָס קינד האָט פיל וויכטיקערע אַרבעט, ווי צוזאַמענקלייבן פאַפירלעך אויפן זאַל, אָדער האָבן אַן אויפ־זיכט אַז די טרעפ זאָלן זיין ריין.

די גוטוויליקע הילף האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט, אַ שאַנס די נישט גאָר פלייסיקע און אַרבעטזאַמע קינדער, זיי זאָלן נישט דאַרפן בלייבן פאַראַזיטן אויף גאַנצע צוויי חדשים.

דער פרינציפ פון דער גוטוויליקער אַרבעט איז געווען: נישט אויס־איבן קיין דרוק אָדער צוואַנג אויפן קינד. נישט שטענדיק האָט ער צייט, אָדער חשק און ס׳איז אים שווער צו טראָגן פערמאַנענט אַן עול. „היינט האָב איך צייט, עס גלוסט זיך מיר אַרבעטן״ — אַרבעט ער טאַקע מיט ענטוזיאַזם און פאַרדינט זיך 5 אַרבעט־שעה מיטאַמאָל.

די גוטוויליקע הילף איז אַן אויסגעפרוווט מיטל אַריינצוציען די יונגע און נישט גאָר פלייסיקע אין אַ שטענדיקער רעגלמעסיקער אַרבעט. גאַנץ אָפט טרעפט, אַז אַ גוטוויליקע הילף, וועלכע חזרט זיך איבער טאָג־טעגלעך דורך דעם זעלבן קינד, ווערט אַזוי אַרום פאַרוואַנדלט אין אַ פערמאַנענטער.

פאַר גוטוויליקער הילף ווערט מען אויך סטימולירט מיט אַן אָנ־דענק־קאַרט. ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די עלטערע קינדער האָבן נישט געוואָלט אַריינרעכענען די גוטוויליקע הילף אין דעם אַלגעמיינעם סכום פון אַרבעט־שעהן. מיט אַזאַ אַרבעט — האָבן זיי מאָטיווירט — דאַרף מען זיך נישט רעכענען. זיי האָבן נישט געוואָלט דערמיט באַעוולהן די געזעלשאַפט...

ס׳איז פשוט געווען צו באַוווּנדערן, מיט וואָס פאַר אַ אומגעדולד און פרייד די קינדער האָבן געציילט און געדענקט אויף אויסנווייניק דעם סכום פון זייערע אַרבעט־שעהן, זייערע אייגענע און אויך פון די נאָענט־סטע חברים. צי דערמאָנט עס נישט אין אַ צוקונפטיקער, אידעאַלער גע־זעלשאַפט, ווו די אַרבעט וועט זיין פאַר יעדן אַ פרייד?

זייער זעלטן האָט ווער פון די קינדער מיסברויכט ביים פאַרשרייבן זיינע אַרבעט־שעהן. אַחוץ דעם קאָנטראָל פון די קינדער אַליין, וועל־

כּע רעכענען און קאָנטראָלירן זיך קעגנזייטיק, האָט דאָ געהערשט אַן אַטמאָספער פון ערלעכקייט און אויפריכטיקייט.

## 10

ביי יעדער געלעגנהייט האָט קאָרטשאַק געזוכט צו סטימולירן דאָס קינד און אַרויסרופן ביי אים ענטוזיאַזם, דורך אָנערקענען אים, אָפּשאַצן זיין אַרבעט און אַלע אַנדערע פאַרדינסטן זיינע.

עס טאָרן נישט פאַרשוויגן און פאַרגעסן ווערן — האָט קאָרטשאַק געפאָדערט ביי די דערציער — די גוטע טאַטן, די אָנשטרענגונגען און דער פלייס פון קינד, פונקט ווי מען פאַרגעדענקט און מ׳פאַרנאָטירט די נעגאַטיווע מעשים זיינע. אַנדערש, וועט דאָס קינד האָבן אַ באַזע חושד צו זיין די דערציער זיינע אין אַ ספּעציעלער בייזווילּיקייט לגבי אים, אַז זיי בלייבן גלייכגילטיק צו אַלע זיינע מוסטערהאַפטע, העראָישע טאַטן און אָנשטרענגונגען און זיי פלייסן זיך נאָר אונטערצושטרייכן די נעגאַטיווע מאָמענטן. ווי קען מען זיך פאַרטרויען, איינלעבן זיך און האָבן צוטרוי צו אַזעלכע בייזווילּיקע מענטשן?

קינדער פאַרלאַנגען מערסטנס אַ קאָנקרעטע באַלוינונג פאַר זייערע מעשים. און נישט אַזאַ באַלוינונג, וועלכע קען קומען ערשט אין דער צוקונפט, נאָר טאַקע שוין באַלד, אויפן אָרט. באַגייען טאַקע אַ פעלער יענע לערער און דערציער, וועלכע פּרווון איינרעדן 7־יאָריקע קינדער, אַז ווען זיי וועלן גרויס ווערן, וועלן זיי ערשט פאַרשטיין, ווי גוט און באַקוועם עס איז צו קענען לייענען, שרייבן, אָדער מאַכן חשבונות. דאָס קינד קאָן נישט וואַרטן אַזוי לאַנג, ביז ער וועט גרויס ווערן. שוין איצט וויל ער האָבן אַ נוץ פון זיין אַרבעט און פלייס.

מערסטנס איז דער סטימול, די אָנערקענונג, באַשטאַנען אין אויסטיילן די קינדער אָנדענק־קאַרטן, מיט פּאַסיקע צייכענונגען און אויפשריפטן, צוגעפּאַסט צו יעדער סיטואַציע. עס זיינען אויסגעטיילט געוואָרן אָנדענק־קאַרטן פאַר אַרבעט, פאַר חברשאַפט, פאַר פרי־אויפשטיין, פאַר ריינקייט, פאַר דאַווענען, פאַר זיין אַ גוטער שילער א. אַז. וו.

די דאָזיקע פאַרשיידענע אָנדענק־קאַרטן זיינען זייער געשעצט און באַליבט געווען ביי די קינדער. לאַנג אַוועק האָט געדויערט דער גייסטי־קער גענוס פון דער אָנערקענונג און האָט דערמוטיקט צו נייע אָנשטרענ־גונגען.

## 11

גאָרנישט איז פאַרביי קאָרטשאַקס אויג אָן באַמערקט, אָן אויסצו־נוצן עס דערציעריש, אָן צו לערנען עפּעס דערפון און אַריינדרינגען אין דעם קינדס וועלט.

אָט אַ שטייגער ווי ס׳איז דאָ אויסגענוצט געוואָרן דער פאַל מיט די פאַרלוירענע זאַכן.

אין יעדער משפחה, ביי דער בעסטער אָרדענונג, ווערן פאַרלוירן, פאַרוואָרפן זאַכן, וועלכע ווערן באַלד, אָדער ערשט אין אַ צייט אַרום גע־פונען. אין אַן אינטערנאַט אָבער, ביי אַ משפחה פון 200 נפשות, איז עס אַביסל שווערער און קאָמפּליצירטער. אויב איינער פאַרלירט עפּעס, קען ער דאָך נישט גיין צו יעדן באַזונדער און זיך נאָכפרעגן, צי ער האָט נישט געפונען זיין נאָז־טיכל, אָדער מעקער. אויך דער ערלעכער געפי־נער האָט שוועריקייטן אָפּצוגעבן די אבדה.

אבדות זיינען אַן אָנגעווייטיקט פּראָבלעם אין אינטערנאַטן, ווו יעדן טאָג ווערן פאַרלוירן צענדליקער זאַכן. די פאַרלוירענע זאַכן געפינען זיך דאָך און מוזן זיין צווישן די ווענט פון אַנשטאַלט, אָבער עס פאַרלאַנגט זיך אַ געוויסער סיסטעם, וואָס זאָל באַקוועמער מאַכן דעם געפינער — אָפּצוגעבן, און דעם געליטענעם — אָפּצונעמען עס.

דאָ איז אויף פאַרלוירענע זאַכן געווען אַ ספּעציעל קעסטל, פאַר־שלאָסן, נאָר מיט אַן עפענונג. דאָס קעסטל איז געשטאַנען אין זאַל אויף אַן אָנזעעוודיק אָרט און יעדער האָט געהאַט די פליכט דאָ אַריינצולייגן די זאַכן, וואָס זיינען געפונען געוואָרן אין די גרענעצן פון אַנשטאַלט.

איינער פון די דערציער האָט זיך דערמיט פאַרנומען. יעדן אינ־דערפרי, ווער עס האָט נאָר עפּעס פאַרלוירן, קומט דאָ אָפּנעמען זיינע

זאַכן. אויך אין מיטן טאָג קען מען אָפּנעמען אַ פאַרלוירענע זאַך פון קעסטל, אויב זי איז אים זייער נויטיק.

פאַר האָבן אינעם קעסטל פון די פאַרלוירענע זאַכן אַ ביכל פון דער ביבליאָטעק, אָדער די טעקע מיט די שול־ביכער — פאַרשרייבט מען דעם אייגנטימער דערפאַר אַן אָפּנויג, — אַ פאָרוואורף פאַר נישט אָפּהיטן זיינע זאַכן.

צוויי מאָל אין יאָר איז געמאַכט געוואָרן אַן אויסשטעלונג פון די נישט אָפּגענומענע זאַכן, און דערביי איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן די אָפּגעלאָזנקייט, די נאַכלעסיקייט פון די יעניקע קינדער, וועלכע זיינען צומאָל נישט געקומען אָפּנעמען זייערע פאַרלוירענע חפצים, אָדער האָבן אינגאַנצן נישט געוווסט אַז זיי האָבן עפּעס פאַרלוירן.

דער דערציער, פאַרשטייט זיך, האָט געהאַט די פליכט באַכצופאָלגן די קינדער, וועלכע פאַרלירן צו־אָפּט זייערע זאַכן. אַזעלכע קינדער האָבן געפאָדערט אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט און ס'איז נויטיק געווען פעסטצושטעלן די סבה, פאַרוואָס זיי פאַרלירן, און זיי אויסהיילן פון דער שוואַכקייט.

## 12

גאָר אַ סך אינטערעס מצד די קינדער און פערסאָנאַל האָט אַרויס־גערופן די וואָכן־צייטונג, וואָס איז פאָרגעלייענט געוואָרן יעדן שבת פאַרמיטיק. דאָס לייענען די צייטונג — דער לייענער איז געווען ד״ר קאָרטשאַק — איז פאָרגעקומען אין אַ פייערלעכער אַטמאָספער און שטילקייט. מערסטנס זיינען געקומען ספּעציעלע געסט פון שטאָט, לע־רער, שרייבער, סטודענטן.

ד״ר קאָרטשאַק איז געווען אַ גלענצנדער פאָרלייענער, ער האָט גע־ווּסט ווי אויסצוטיילן באַזונדערע מעלדונגען און באַטאָנען זיי מיט אַ באַזונדערן חן. אָפּטמאָל פלעגט ער מיט אַ באַמערקונג אָדער מיט אַ שטיפעריי אַרויסרופן האַרציקן געלעכטער ביים עולם.

די וואָכן־צייטונג איז דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער קינדער־רע־פּובליק. עס אַרבעטן דאָ מיט דערציער און קינדער. די טעמעס זיינען ניט קיין פרייע אימפּראָוויזאַציעס, נאָר איבער פראַגן און געשעענישן, וואָס האָבן אַ שייכות מיטן אינערלעכן לעבן פון דער היים. די צייטונג איז געווען זייער אַ וויכטיקער אינסטרומענט און הילף אין דעם דער־ציערס אַרבעט.

די וואָכן־צייטונג האָט געגעבן אַ בילד פון דעם אַלעם וואָס איז גע־שען אין דער קינדער־היים אין פאַרלויף פון דער וואָך. אויף דער באַזע פון לייענען נאָר די צייטונג, האָט מען זיך געקענט שאַפן אַ באַגריף וועגן דעם פילפאַרביקן לעבן פון דער היים.

די צייטונג הייבט זיך אָן מיט אָפיציעלע מעלדונגען פון געריכט. דערמיט איז געהויבן געוואָרן די אויטאָריטעט פון געריכט. אויב עס זיינען נישט פאַראַן אַזעלכע מעלדונגען פון געריכט — נאָר זייער ערנסטע אורטיילן זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן — הייבט זיך אָן די צייטונג מיט דאַנק־אויסדריקן. עס ווערן אויסגעקליבן די כאַראַקטעריס־טישסטע דאַנקען, וואָס איין קינד האָט מיט אַ יאָר צוריק דעם צווייטן געגעבן און זיי ווערן געלייענט אויפן ערשטן אָרט. די באַדייטונג פון אויפמישן אַזאַ „קאַפּיטל געשיכטע", דערמאָנט דעם קינד זיינע אַמאָלי־קע גוט־חברשע באַציאונגען.

דערנאָך איז שטענדיק געקומען ד"ר קאָרטשאַקס אַ לייט־אַרטיקל. דאָס אַרטיקל איז געשריבן אין אַ פאָטערלעכן טאָן, מיט מוסטערהאַפטער פשטות און אויפריכטיקייט. ער האָט דאָ שטענדיק באַרירט פּראַקטישע פראַגן, וואָס האָבן געהאַט אַן אַקטועלן אינטערעס, אין פאַרבינדונג מיט געשעענישן פון דער וואָך.

דאַן הייבט זיך אָן די האַלב־אָפיציעלע טייל פון דער קינדער־צייי־טונג: אַמאָל אַ באַריכט פון ספּאָרט־קלוב, אַ פּראָטאָקאָל פון פאַרלאַ־מענט און פון פאַרשידענע קאָמיסיעס, מעלדונגען און באַשלוסן פון פאַר־ווײַלונגס־קרייז. אַמאָל — אויך פרייע אַרבעטן פון קינדער וועגן אַ שול־אויספלוג, קינאָ, טעאַטער אאַז"וו. און פאַרשידענע אַלגעמיינע נייעסן, וואָס זיינען אויפגענומען געוואָרן ביי די קינדער.

יעדע וואָך דערשיינט אויך אַן איבערזיכט פון איינעם פון די דער־ציער פון אינטערנאַט. דאָס קינד גיט זיך אָפּ רעכענונג אַ דאַנק דעם סך־הכּל, אַז אַלץ וואָס עס קומט־פאָר אויף דער טעריטאָריע פון דער היים, קומט שפּעטער אַרויס צו דער ברייטער עפנטלעכקייט, מיט אַ פאָר־וואורף אָדער מיט אנערקענונג.

די האַלב־אָפיציעלע טייל פאַרענדיקט שטענדיק די ווירטשאַפט־לייטערין פון יתומים־הויז, פריילין ווילטשינסקא, מיט אַ קורצן איבער־בליק איבער דער פאַרגאַנגענער וואָך און מיט אַ פּראָיעקטירטן פּלאַן אויף ווייטער. די אַרטיקלען אירע קומען אונטער דעם נאָמען „וואָס הערט זיך עפּעס נייעס?" דאָ קומט צום אויסדרוק דאָס וואַכזאַמע אויג פון אַ דערציערין, וועלכע זעט און הערט שטענדיק, מיט דעם באַגער צו פאַר־בעסערן און פאַרשענערן די היים.

דערנאָך קומט די אָפיציעלע טייל. עס ווערט געלייענט די ליסטע פון די קליינע אָפּנויגן, וואָס דער פּערסאָנאַל איז באַגאַנגען: „אַרויסגע־וואָרפן פון דער לעקציע", „צעבייזערט זיך אין אַ הויכן טאָן" אָדער „גע־פּאַטשט איבער די הענט". לויטן גייסט פון דער היים זיינען אַזעלכע אַקטן מצד דעם דערציער באַטראַכט געוואָרן ווי קליינע פאַרברעכנס, און מ'האָט זיי געבראַכט צו דער עפנטלעכקייט.

שפּעטער ווערן געלייענט די אָפּנויגן פון די קינדער, די דאַנקען, די האַנדלס־טראַנזאַקציעס — פון קויף און פאַרקויף, אָדער אויסטויש; די צאָל געשלעגן אין משך פון דער וואָך; און צום שלוס — אורטיילן פון געריכט.

די צייטונג איז געווען אַן אויטאָריטעט פאַרן קינד, די עפנטלעכע מיינונג און מ'האָט זיך מיט איר שטאַרק גערעכנט. די ווירקונג פון ווערן דערמאָנט צום שלעכטן אָדער צום גוטן, איז געווען אומגעהויער גרויס. מיט אומגעדולד איז דאָ דערוואַרט געוואָרן יעדער נומער צייטונג.

## 13

ס'איז דאָ געלייגט געוואָרן גרויס אַכט אויף דעם קינדס איבערלע־בונגען, אָבסערוואַציעס, באַמערקונגען, פון אינטערנאַט, פון שול, אָדער גאָר פון זיין אייגענעם איך.

אין פאַרלויף פון גאַנצן טאָג איז דורכן פערסאָנאַל אויפגענומען גע־וואָרן קורצע ידיעות, אין דער פאָרם פון קורצע איינציקע זאַצן. און כדי עס זאָל נישט פאַרלוירן ווערן דער קינדערשער חן, דער ספּעציפיש־אָרי־גינעלער אַרט פון זיין דערציילן און סטיל, ווערן די אַלע ידיעות פאַר־נאָטירט אַזוי ווי דאָס קינד דיקטירט זיי, אָן שום סטיליסטישע אויסבע־סערונגען.

אין זיין טאָג־טעגלעכן לעבן טרעפט זיך דאָס קינד אָן אויף פיל מאָמענטן און דערשיינונגען, וועלכע לאָזן אים נישט בלייבן גלייכגיל־טיק. ער מוז זיך כאָטש מיט ווענען־ס'איז־נישט טיילן מיט זיינע איינ־דרוקן. דער קאַלענדאַר האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט אויסגעהערט צו ווערן. דערוואַקסענע מענטשן, וועלכע לעבן אין אַנדערע ספערן פון טאָג־טעגלעכע דאגות, שענקען ווינציק אויפמערקזאַמקייט אַזעלכע קינ־דערשע, גלייכגילטיקע איבערלעבונגען, ווען מען מעסט זיי מיטן באַראָ־מעטער פון אונדזערע זאָרגן.

אָבער ווער פון אונדז קען דען זאָגן מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנ־קייט, אַז דער פאַקט וואָס „די לערערן האָט היינט געטראָגן אַ ניי קלײדל", אָדער אַז „מ'האָט געשלאָגן אַ פערד אין גאַס, וואָס האָט נישט געקאָנט דערשלעפּן אָן אָנגעפּאַקטן וואָגן" — איז ווייניקער וויכטיק פאַר דעם קינדס וועלט, ווי פּאָליטישע, אָדער וועטער־ידיעות פאַרן דערוואַק־סענעם?

און גראָד אַזעלכע קליינע, פאַרבייגייענדיקע געשעענישן, אָן שום באַפּוצונגען, אַנטפּלעקן צום בעסטן דאָס וועזן פון קינד. דורך זיי באַ־קומט מען אַ געטרײַ בילד פון דעם קינדס וועלט, מיט זיינע זאָרגן, מאַ־טערנישן און פאַרלאַנגען.

די ידיעות זײַנען געװען צװײערלײ: אַלגעמײנע און שול־ידיעות. די ערשטע נעמען אַרום דאָס אינטערנאַט לעבן, און דערצײלן װעגן באַ־ציאונגען פון קינד צו קינד און אַנטפּלעקן פאַרשײדענע כאַראַקטער־שטריכן פון אײנצלנע קינדער, אַ דאַנק קלײנינקע פאַקטן. דאָ האָבן אויך אַן אָרט די אינדיװידועלע זכרונות, װוּנטשן און פאַרלאַנגען.

אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמט אין די אַלגעמײנע ידיעות — די גאַס און פאַמיליע־נײַעס. דאָס אינטערנאַט קינד קען װינציק די גאַס מיט אי־רע אײנװױנער, װעלכע איז פאַר אים פול מיט רײץ און סודות. און דער־פאַר, אַז ער קומט אין באַרירונג מיט דער גאַס, טרעפט ער זיך אָן אויך פיל װיכטיקע דערשײנונגען, װאָס פאַרכאַפּן אים.

די גאַס איז אַזױ פאַרכאַפּנדיק פאַרן קינד, אַז אויך אין די שול־נײַעסן פאַרנעמט די גאַס װידער אַן אָרט — דער װעג אין שול און אַהײם. די קינדער באַהאַלטן נישט אויס זײערע מיסדערפאָלגן אין דער שול: „מ׳האָט מיך הײַנט אַרויסגעטריבן פון קלאַס״, „כ׳בין געשטאַנען אין װינקל, װײַל כ׳האָב נישט געמאַכט די לעקציעס״, „געמאַכט אַ פלעק אין בוך״. די אַנדערע טעמעס זײַנען געװען: חברים, באַקומענע קלאַסי־פיקאַציעס, און די הויפּט־העלדן — די לערערן.

די שול־ידיעות זײַנען פאַרגעלײענט געװאָרן יעדן טאָג, װײַל זײ זײַנען באַטראַכט געװאָרן װי פון ברענענדיקער אַקטואַליטעט פאַר די קינ־דער. דערפאַר זײַנען די אַלגעמײנע ידיעות אויסגענוצט געװאָרן פאַר דער װאָכן־צײַטונג.

אין אַלגעמײן האָבן די ידיעות, אָדער װי מ׳האָט זײ גערופן — „קאַלענדאַר״, זײער אַ װיכטיקן באַדײַט פאַרן אינטערנאַט־לעבן. דאָס קינד לערנט זיך אויס אָפּצושטעלן איבער דערשײנונגען און איבערלעבונ־גען. ער לערנט זיך אויס זען און הערן און אויך צו פאָרמולירן דאָס אין קורצע פּשוטע זאַצן.

## 14

די קינדער־היים איז געווען אַ געמישטע, פאַר יינגלעך און מיידלעך. דאָס האָט צוגעשטעלט באַזונדערע פּראָבלעמען און געפאָדערט אויפמערקזאַמקייט מצד דעם פּערסאָנאַל. קאָרטשאַק האָט זיך דאָ אָריענטירט לויט זיין צוטרוי און גלויבן אינעם קינד, און דאָס האָט אים זעלטן אָפּגענאַרט. געווען אַ סך פאַלן, וואָס נאָכן אויספאָרשן זיי, האָבן צונישט געמאַכט אומזיסטע חשדים און פאַראורטיילן.

דאָ דאַרפן נאָך דערמאָנט ווערן אייניקע אינסטיטוציעס און אינטערעסאַנטע איינפירן.

די ביבליאָטעק מיט עטלעכע הונדערט ביכער, סעלעקציאָנירטע קינדער־ליטעראַטור. דער ביבליאָטעקאַר ווייסט צו דערציילן אַ סך אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן, וועלכע אילוסטרירן בולט די באַציאונג פון די יונגע לעזער צו ביכער בכלל און צו געוויסע ביכער בפרט.

די עקזאַמענס פון לייענען, וועלכע קומען דאָ פאָר 4 מאָל אין יאָר, דעצידירן ווער עס זאָל ווערן אַ מיטגליד פון דער ביבליאָטעק. ווייל בכדי צו קאָנען באַקומען ביכער, מוז מען שוין קענען לייענען מיט אַ מינימום־שנעלקייט פון 8 אותיות אַ סעקונדע. איבעריק צו זאָגן, אַז די ביבליאָטעק האָט זיך זיין אייגענעם רעגלאַמענט, וואָס פאַרפליכטעט אַלע אירע לעזער.

אַ וויכטיקע אינסטיטוציע איז די שפּאָר־ און ליי־קאַסע, וועלכע ווערט אָנגעפירט דורך ד״ר קאָרטשאַק זעלבסט. ער שענקט דעם געביט אַ סך אויפמערקזאַמקייט, ווייל ער שטויסט זיך דאָ אָן אויף אַן אומגעהויער רייך מאַטעריאַל וועגן די באַציאונגען פון קינד צו געלט. פאַראַן קינדער, וועלכע לאָזן זיך שווער דערקענען אין אַנדערע סיטואַציעס, און נאָר דאָ, ביי די רייצנדיקע געלט־ענינים, אַנטפּלעקן זיי זיך יאָ.

די ליי־קאַסע איז טעטיק געווען נאָר איין מאָל אין דער וואָך, פאַרן אַרויסגיין פון די קינדער אין געסט צו זייערע קרובים און באַקאַנטע. דערפאַר איז די שפּאָר־קאַסע פּערמאַנענט טעטיק געווען. ווען קאָרטשאַק איז

נאָר געװען אין זאַל, האָט ער אָנגענומען אָפּשפּאָרונגען בײַ די קינדער.
אויך דאַרף מען דערמאָנען דעם קאָאָפּעראַטיװ, װאָס האָט באַזאָרגט די קינדער מיט שול־ און היגיענע־מכשירים. אויך דאָ פּאַרלאַנגט זיך אַ גרויסע מאָס דערפאַרנקייט און טאַקט אין דער באַציאונג צום קינד און מיט אַ געלעגנהייט צו באַקענען און דערקענען „געװיסע" קינדער.

יעדע אינסטיטוציע, אַרײַנגערעכנט אויך די קיך, די װעשערײַ און דעם שנײַדער־װאַרשטאַט, האָט זײַנע באַשטימטע קאַלענדאַר־טעג. אין דעם קאַלענדאַר־טאָג פֿון יעדער אינסטיטוציע, װערט אַרויסגעהאָנגען אַן אָנזעעװדיקער טאָװל װאָס דערצײלט מיט ציפֿערן און דיאַגראַמען װעגן דער אָפּגעטוענער אַרבעט, דערגרײכונגען, װי אויך פֿאַרגלײַך־ציפֿערן מיט אַלע פֿריערדיקע יאָרן, זײַט איר עקזיסטענץ.
יעדע אינסטיטוציע און אפֿילו יעדע װיכטיקע געשעעניש האָט זיך זײַן „טאָג" אין יאָר, און װערט װי געהעריק אויסגענוצט דערציִעריש.
דער אײנפֿיר האָט אַ גרויסן דערציִערישן װערט און איז אײנער פֿון די בעסטע מיטלען צו װעקן דאָס קינד צו אַקטיװיטעט, צו אָנשטרענגונגען, צו בשותּפֿותדיקער פֿאַראַנטװאָרטלעכקייט.

## 15

די קרוב צװײ הונדערט קינדער האָבן געשאַפֿן איבערגענוג פּראָבלעמען יעדן טאָג; פּראָבלעמען פֿאַר װעלכע מען האָט געמוזט דרינגענד געפֿינען אַ לײזונג.
װי מען זאָל די קינדער נישט אידעאַליזירן, װאָלט געװען אַן אוממיגלעך צו פֿאָדערן פֿון זײ, אַז אַלע דאַרפֿן זײ זײַן לויטער צדיקים. פֿאַראַן צװישן קינדער געװיס שלעכטע מענטשן, פּונקט װי זײ זײַנען פֿאַראַן — אין אַ פֿיל קלענערער פּראָפּאָרץ — צװישן דערװאַקסענע.
אויך די קינדער־היים איז נישט געװען פֿרײַ פֿון שלעכטע קינדער, און זײ האָבן פֿאַרשאַפֿן די דערציִער ספּעציעלע זאָרגן און פּראָבלעמען.
װי אַזוי האָט מען געהאַנדלט לגבי די־אָ קינדער?

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די קערפּערלעכע שטראָף איז נישט גע־קומען אין באַטראַכט. דאָס איז אַ פאַרעלטערט און געפערלעך מיטל.

און האָט ווען געטראָפן אַז אין אַ מאָמענט פון אויפגערעגטקייט, האָט איינער פון די דערציער געהאַנדלט דראַסטיש, איז עס באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פאַרברעך, פאַר וועלכן דער דערציער האָט זיך אָנגעגעבן אין געריכט.

גאָר אָפט האָט מען זיך באַנוצט מיט געזעלשאַפטלעך־סאָציאַלע מיטלען, דאָס מיינט מאַכן אים עפנטלעך פאָרווורפן פאַר זיין אויפפי־רונג, וואָרענען אים, אַפּעלירן צו זיין אַמביציע. אין די מערסטע פאַלן האָט דאָס מיטל געגעבן אַ גוטן רעזולטאַט.

אין ספּעציעלע פאַלן, ווען דאָס קינד איז געוואָרן אַ געפאַר פאַר דער זיכערקייט פון אַנדערע, אַ געפאַר פאַר דעם נאָרמאַלן גאַנג פון דער היים — איז קאָרטשאַק געווען גענייגט אַזאַ קינד צו איזאָלירן, אָפּטיילן עס פון די אַנדערע, ווי אַ מיטל צו באַשיצן די געזעלשאַפט.

קאָרטשאַק האָט זיין שטאַנדפּונקט אַרגומענטירט דערמיט:

ווען אַ קינד ווערט קראַנק, באַקומט היץ, זינדערט מען עס אָפּ, כדי צו פאַרהיטן די אַנדערע. אויב אַ קינד באַקומט היץ — פּסיכיש, מענטאַל — פאַרוואָס נישט אָנווענדן דאָס זעלבע מיטל? אויך פּסיכישער אויפ־ברויז איז אַ געפאַר פאַר די אַרומיקע.

אין פאַלן פון היסטערישע קינדער האָט קאָרטשאַק, ווי אַ מעדיקער, זיך באַנוצט מיט אַן איינפאַך באַרואיקונג־מיטל.



קאָרטשאַקס דערציאונג־סיסטעם איז אפשר נישט געווען גאַנץ. דאָ און דאָרט האָט מען געקאָנט אויסגעפינען אַ בלויז, אַ סתירה. זיין סיס־טעם איז נישט געווען קיין פאַרגליווערטער, צוגעטראַכט און אָפּגע־שלאָסן; ער האָט זיך געשטיצט אויף דערפאַרונג — די איינפאַכע און קלוגע דערפאַרונג וואָס יעדער טאָג ברענגט מיט זיך.

דאָס איז געווען אַ לעבעדיקער סיסטעם, וואָס ווערט כסדר אויס־געבעסערט און באַרייכערט. דאָס וואָס האָט זיך נעכטן אויסגעוויזן אומפּראַקטיש, האָט דער היינט באַרעכטיקט ווי פּראַקטיש און נוצלעך.

אין זיין דערציאונג האָט קאָרטשאַק זיך געשטיצט אויף דערפאַרונג, פאַקטן. ער האָט געהאַט די וווּנדערלעכע אייגנשאַפט צו לערנען פון די פאַקטן און פאַרשטאַנען צו קאָאָרדינירן זיי און ציען פון זיי די געהעריקע שלוסן.

קאָרטשאַק האָט זיך באַצויגן מיט איראָניע צו דעם „פּעדאַגאָגיש־בוכהאַלטערישן" צוגאַנג צום קינד, לויט פעסטגעשטעלטע אַלגעמיינע כללים. זיין באַציאונג צום קינד איז נישט געווען קיין בוכהאַלטערישע, נאָר אַ געפילפולע און אינטואיטיווע — צו דערפילן די פאַקטאָרן וואָס ווירקן אויפן קינד און שאַפן זיין שטימונג.

אַנטוויקלען וואָס בעסער דעם קינדס פּערזענלעכקייט — דאָס איז געווען דער ציל וואָס ער האָט זיך געשטעלט מיט דער דערציאונג. דערצו איז נויטיק געווען די טיפע פאַרשטענדעניש צו קענען באַזייטיקן די סיבות, וואָס ווירקן נעגאַטיוו אויפן קינדס פּערזענלעכקייט.

און דאָ ליגט די אייגנאַרטיקייט פון קאָרטשאַקס סיסטעם.

## 1

קאָרטשאַק איז געווען פון די טיפּישע קענערס פונעם קינד. ער האָט געקענט דורכאויס זיין אינערלעך־אינטימע וועלט. ווי אין אַן אָפן בוך האָט ער אַריינגעקוקט אין זיין נשמה.

קענען מיינט אויך פאַרשטיין, באַנעמען, און קאָרטשאַק האָט טאַקע באַנומען דאָס קינד, נישט נאָר לויט זיינע אויסערלעכע האַנדלונגען, נייערט לויט זיינע אינערלעכע אימפּולסן.

קאָרטשאַקס קענען דאָס קינד איז נישט געווען קיין אויסגעלערנטע אין ביכער. נישט קיין אויסגעליענע קאָנצעפּציעס ביי אַנדערע; אויף זיין לאַנגן וועג פון אַ דערציער, אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיטן קינד איז ער מיט אייגענער מי און דערפאַרונג דערגאַנגען צו דער וועלט פון קינד.

„איך האָב ווי אַ דערציער דערקענט — זאָגט קאָרטשאַק אין זיין ווערק „ווי אַזוי ליב צו האָבן דאָס קינד“ — דאָס פאַרבנרייכע און סור־דותפולע לעבן פון אינטערנאַט: אין שלאָף־צימער, אין באָד, אין שפּיל־זאַל, אין עס־צימער, אין הויף און אין קלאָזעט.

„איך קען נישט די קינדער אין זייער פייערלעכער הלבשה פון קלאַס, איך קען זיי יאָ אין נעגליזש פון זייער טאָג־טעגלעכן לעבן“.

אין דעם גרויען לעבן פון אינטערנאַט האָט קאָרטשאַק דערזען דאָס קינד אין זיין נאַטירלעכקייט, אויף דער קאַנווע פון זיינע האַנדלונגען, קאַפּריזן, בענקענישן, געשלעגן, קאָנפליקטן מיט זיינע חברים און מיטן דערציער.

קאָרטשאַק האָט אַריינגעדרונגען אין איינצלנע פאַקטן און אין מאָמענטן פון דעם קינדס טאָג־טעגלעכקייט, האָט זיי אַנאַליזירט. און מען ווערט איבערראַשט פון דער קאָמפּליצירטקייט, נשמה־רייכקייט און בכלל פון אומבאַקאַנטע פאַקטאָרן, וואָס ווירקן אינעם לעבן פון קינד.

יאָ, דאָס קינד איז אַ קאָמפּליצירט וועזן, עס איז אים אָפט מאָל

שװער צו פֿאַרשטײן, געפֿינען אַ צוזאַמענהאַנג אין זײנע האַנדלונגען.

דאָס קינד איז אַנדערש אין דער הײם, אַנדערש אין שול און אַנ־דערש אין גאַס צװישן זײנע חברים. עס געשעט אָפֿט, אַז די מוטער קען איר קינד אַ בײזס, אַן אױפֿגערעגטס, און פֿאַר דעם לערער איז עס פּונקט דער היפּוך פֿון דעם — מילד, אײדל און שטענדיק אױפֿגעלײגט.

גאָר אָפֿט בײטן זיך בײם קינד די שטימונגען און עס איז שװער פֿעסטצושטעלן די סיבה פֿון דער דאָזיקער פּלוצימדיקער ענדערונג.

קאָרטשאַק פֿלעגט זאָגן: „דאָס קינד איז ענלעך צום פֿרילינג. די זון שײנט, אַן אַנגענעמע לופֿט, פֿרײד און שײנקײט, און פּלוצים — ברעכט גאָר אױס אַ שטורעם...“

קענען און דערקענען דאָס קינד איז פֿאַר קאָרטשאַקן געװען נישט קײן ציל פֿאַר זיך, נאָר אַ מיטל. װען מ׳װעט בעסער קענען דאָס קינד און ממילא האָבן פֿאַרשטענדעניש פֿאַר זײן א י ד, װעט מען דעם קינד פֿאַרשפּאָרן אַ סך טרערן און פּײן.

ערגער נאָך פֿון נישט קענען דאָס קינד, איז די גרינגשאַצנדיקע מײ־נונג מצד דעם דערװאַקסענעם, דאָס באַטראַכטן װי אַ מינדערװערטיק, צװײטראַנגיק װעזן. „װאָס איז דען דאָ, מ׳שטײנס געזאָגט, צו קענען...“

יעדער פֿאַרגעסט װי ער גופֿא איז געװען אַלס קינד. ער מײנט, אַז נאָר איצט, װי אַ דערװאַקסענער, האָט ער געקראָגן די גאַנצע חכמה. קאָרטשאַק האָט באַקעמפֿט די פֿאַלשע מײנונגען לגבי דעם קינד.

ער האָט דאָס קינד באַנומען ביאָלאָגיש. קאָרטשאַק האָט געקוקט אױפֿן קינד װי אױף אַ טײל פֿון דעם גרױסן, אומאיבערגעריסענעם פּראָ־צעס פֿונעם מענטשן־מין. דאָס קינד איז נישט קײן צופֿעליקײט, אַ זײ־טיקער, מינדערװיכטיקער עפּיזאָד, נאָר — אַ טײל פֿון דעם גאַנצן.

אָט װאָס דער קענער פֿון קינד זאָגט אין דעם פֿריער דערמאָנטן װערק:

„זעלטן זײנען די קינדער, װעלכע צײלן נאָר די אײגענע איבערגע־לעבטע צען יאָר. אין זײער אונטערבאַװוסטזײן טראָגן זײ די לאַסט פֿון פֿיל דורות. אין זײערע געהירן־קנײטשן בלוטיקט די אונטערדריקונג פֿון פֿיל װײטיקלעכע יאָרהונדערטער, און אונטער דעם אײנפֿלוס פֿון נאָר אַן

אומבאַדייטנדיקן שטויס לאָדנט זיך אויס דער פּאָטענציעלער כוח פון ווייטיק, טרויער, כּעס און בונט.

„נישט דאָס קינד וויינט — די יאָרהונדערטער וויינען. דער ווייטיק און די בענקשאַפט שרייען אין אים, נישט דערפאַר וואָס מ׳האָט אים אַריינגעשטעלט אין ווינקל, נאָר ווייל מ׳האָט אים געפּייניקט, געיאָגט, געטריבן, געזידלט במשך פון יאָרהונדערטער״.

## 2

ביי קאָרטשאַקן טרעפט מען ממש אַנטפּלעקונגען וועגן קינד, זעלטענע פּסיכאָלאָגישע אַריינדרינגונגען אין זיין אייגנאַרטיקער וועלט. הגם ער באַטראַכט ביי יעדער געלעגנהייט דאָס קינד פאַר אַ גלייכווערטיקן מענטש, אַן אייגנאַרטיקן מענטש, וועמענס האַנדלען און אופן פון רעאַגירן איז אָפט מאָל פריי, מיט גאָרנישט געבונדן צו אומשטאַנדן, וואָס לוינען אַזוי צו זאָגן, אָדער עס נייטיקט זיך צו האָבן איינזעעניש.

און די דאָזיקע אַנטפּלעקונגען אינעם קינדס נשמה האָבן שטענדיק געצילט צו איינס: פאַרשטיין דאָס קינד און אים פאַרגרינגערן.

קאָרטשאַק אילוסטרירט אָפט זיינע באַהויפּטונגען מיט רעאַלע פאַקטן.

דער טאָג איז אַ לויטערער און וואַרעמער, און דאָך האָט אַ ייִנגלביים אַרויסגיין געוואָלט מיטנעמען זיין מאַנטל. דאָס איז נישט געווען קיין קאַפּריז. מיט אַ קליין ביסעלע אָנשטרענגונג קען דער דערציער פעסטשטעלן די סיבה דערפון.

דאָס ייִנגל האָט אויף דער קני פון זיין זאָק אַ מיאוסע לאַטע, און דאָרט, אין גאָרטן, וווהין ער גייט, וועט זיצן דאָס מיידעלע, וועלכע ער ליבט...

אַלץ האָט זיין **פּ אַ ר וו אָ ס**, הגם נישט שטענדיק איז מעגלעך תיכף צו דערשלאָגן זיך צו דער באַהאַלטענער סיבה. מ׳דאַרף אָבער נישט אויפהערן זוכן, אַריינדרינגען אין די נישט אויסגעפאָרשטע שטחים פון

קינדס לאָגיק און פאַנטאַזיע, זוכן דעם אמת, וואָס זאָל אונדז דערנענ־טערן צום קינדס שטרעבונגען.

און קוים געלינגט עס, איז אַ פרייד, אַ דערגרייכונג פאַרן דערציער. די פרייד איז פון דעם זעלביקן מין, וואָס עס לעבט איבער אין דער לאַ־באָראַטאָריע דער וויסנשאַפטלער, ווען עס איז נאָך לאַנגע פאָרשונ־גען געראָטן פעסטצושטעלן אַ פאַרהוילטן נאַטור־געזעץ, שאַפן אַ נייע סובסטאַנץ.

קאָרטשאַק דערציילט אַ פאַל, ווי איין מאָל, נאָך אַ שטורמישן שמועס מיט קינדער, האָט אים איין קינד תמימותדיק געפרעגט:

— זייט אַזוי גוט און זאָגט מיר, פאַרוואָס ווען איינער איז אין כעס, ווערט ער רויט אויפן פנים?

אויף אַזאַ פראַגע איז באמת צו שטוינען, ווייל זי דעקט אויף דאָס אייגנאַרטיקע פונעם קינד.

בשעת דער דערציער האָט אויסגעלאָדן זיין כעס, אָנגעשטרענגט זיין שכל און מוח, כדי די קינדער אַרויפצופירן אויפן וועג פון פליכט און ערלעכקייט, האָט גאָר דער בעל דבר אַליין — דאָס קינד — דאָס אַלץ נישט געהערט. אנשטאט הערן די שטראָף־רייד, האָט ער גאָר אויפ־מערקזאַם געפאָרשט די שפיל פון קאָלירן אויפן דערציערס פנים, וואָס האָט זיך געביטן אונטער דעם איינפלוס פון דער איבערגעלעבטער אויפ־רעגונג.

מחמת איבערראַשונג פון דער אַזוי אומדערוואַרטער און אַנטפּלעקנ־דיקער פראַגע האָט קאָרטשאַק דעם קינד אַ קוש געגעבן.

ביי אַן אַנדער געלעגנהייט האָט קאָרטשאַק געפרעגט די קינדער: וועלכע עס זיינען דעם קינדס צוויי גרעסטע עגמת־נפשן?

איינער פון די יינגלעך האָט דערויף געענטפערט:

— איינס, וואָס מיין מאַמע איז געשטאָרבן. צווייטנס, וואָס איך מוז עסן אַרבעס־זופּ.

אויך דאָס איז אַן ענטפער פון דעם מין, וואָס הייבט אויף דעם פאָר־האַנג צום קינדס פסיכיק און דערמעגלעכט אַריינבליקן אין דעם קינדס אינערלעכער וועלט.

אונדזער מאסשטאב צו מעסטן, אָפּשאַצן דעם קינדס יסורים, איז אָפּט מאָל טעותדיק, ווייל קינדער האָבן אַן אייגענעם מאסשטאַב. דער דאָזיקער ענטפער פון קינד באַשטעטיקט עס.

ווען קאָרטשאַק איז צוריקגעקומען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווו ער האָט פאַרנומען דעם ראַנג פון אַ פוילישן קאַפּיטאַן, האָבן די קינ־דער זיך שטאַרק דערפרייט מיט אים. די הונדערט און פופציק קינדער פון דער קינדער־היים האָבן זיך צוגערוקט צו אים, אים געגלעט, גע־קושט.

— ווי די קינדער האָבן אייך ליב! — האָבן די יונגע דערציער אים געזאָגט נישט אָן קנאה.

קאָרטשאַקן האָט, פאַרשטייט זיך, געפרייט די ליבע פון די קינדער, ער האָט אָבער געקוקט אויף דעם מיט אַ ניכטערן און סקעפּטישן בליק. ער האָט געענטפערט:

— צי וואָלטן זיי זיך נישט נאָך מער דערפרייט, ווען אנשטאט מיר זאָל פּלוצים אויפן זאַל דערשיינען עפּעס אויסערגעוויינטלעכעס? ווען עס זאָלן זיך אַזוי פּלוצים באַווייזן ווייסע מייז, אָדער ים חזירימלעך?...

קאָרטשאַק באַנעמט דעם קינדס אייגנאַרטיקייט און ער וואָרנט די דערוואַקסענע, זיי זאָלן זיך נישט אַנטוישן צוליב דעם, נישט פילן זיך גע־טראָפן. אַזוי איז דאָס קינד.

קאָרטשאַק האָט געהאַלטן, אַז מיר פאָדערן פון קינד צופיל דאַנקבאַר־קייט און צופיל כבוד פאַר אונדזער אויטאָריטעט. דאָס קינד אָבער שאַצט און דערזעט אין אונדז גאָר עפּעס אַנדערש, וואָס מיר וואָלטן געוואָלט זיי זאָלן דערזען.

אָט ווי ער פאָרמולירט עס אין דעם פריער ציטירטן ווערק:

„זיי שאַצן דיך, ווייל דו האָסט אַ זייגערל.

ווייל דו באַקומסט בריוו מיט אויסלענדישע מאַרקעס.

ווייל דו האָסט רעכט צו טראָגן מיט זיך שוועבעלעך און גיין שפּעט שלאָפן.

ווייל דו שרייבסט מיט רויטע טינט.

ווייל דו האָסט אַ שופלאָד וואָס פאַרשליסט זיך.

װײַל דו האָסט אַלע פּריװילעגיעס פֿון אַ דערװאַקסענעם״.

און טשיקאַװע: צום װינציקסטן װערן קינדער איבעראַשט פֿון דעם דערציערס װיסן, װײַל דאָס קלײנװאַרג מיט זײערע פֿראַגעס װײזט אָפֿט אָן אויף די בלויזן, אויף דער אָרעמקייט פֿון דעם דערציערס װיסן.

דאַרף אָבער גוט גענומען װערן אין אַכט מצד דעם דערציער דעם קינדס זכרון, זײַן פֿעאיקײט צו פֿאַרגעדענקען, גענוג לאַנג, געשעענישן, איבערלעבונגען.

קאָרטשאַק װאַרפֿט־אָפּ די אויבערפֿלעכלעכע מײנונג װעגן קינד, אַז עס פֿאַרגעסט גיך זײַן טרויער, באַליידיקונגען און באַשלוסן. אָט האָט עס ערשט געװײנט, און שוין לאַכט עס. אָקערשט האָבן זײ זיך צעקריגט, און שוין שפּילן זײ זיך צוזאַמען. מיט אַ שעה צוריק האָט דאָס קינד פֿײערלעך צוגעזאָגט אויסצובעסערן זיך, און אָט שטיפֿט עס שוין װי שטענדיק.

דאָס איז נאָר אויסערלעך אַזוי. קינדער געדענקען לאַנג אַ באַלײדיקונג, אַן עװלה, װאָס מען איז קעגן זײ באַגאַנגען. אויב דאָס קינד האַלט נישט זײַן צוזאָג װעגן אויסבעסערן זיך, איז עס נאָר דערפֿאַר װײַל ער קאָן נישט.

דאָס קינד איז מיטגעריסן געװאָרן פֿון דער אַלגעמײנער פֿרײד, לויפֿט עס און פֿרײט זיך, דערנאָך אָבער װעט עס זיך אומקערן צו זײַן טרויער און צו זײַנע טריבע געדאַנקען.

עס טרעפֿט אַמאָל, אַז אַ קינד מײדט אויס דעם דערציער און באַהאַלט פֿון אים דעם שמײכל. אויף דער פֿראַגע פֿון דערציער, ענטפֿערט דאָס קינד:

— כ׳האָב געמײנט, איר זענט נאָך אויף מיר אין כעס.

דער דערציער דערמאָנט זיך קוים, אַז מיט אַ צײַט צוריק האָט ער דעם קינד געמאַכט אַ פֿאָרװורף. ער האָט שוין פֿאַרגעסן דעם גאַנצן פֿאַל, דאָס קינד אָבער פֿאַרגעסט נישט, און אויב עס איז אַמביציעז, אָדער פֿײנפֿילנדיק — האָט עס אויך אין דער שטיל געליטן און איבערגעלעבט אומאָנגענעמע מאָמענטן.

## 3

קאָרטשאַקס באַציאונג צום קינד איז אַ נאַטירלעך־מענטשלעכע, אַ טיף־הומאַנע. אין דעם איז באַשטאַנען זיין אייגנאַרטיקייט, זיין אָריגי־נעלקייט.

מ׳האָט געדאַרפט אַמאָל הערן קאָרטשאַקן, מיט וויפל נאַטירלעכ־קייט ער פלעגט רעדן וועגן דעם קאָלעקטיוון לעבן אין קינדער־היים.

אָט ווי ער שילדערט דעם טעגלעכן שטייגער פון קינדס לעבן:

זעקס אַזייגער זיינען די קינדער אויפגעשטאַנען. מ׳האָט זיי נאָר געדאַרפט זאָגן: „קינדער שטייט אויף״ און מער גאָרנישט.

די זאַך איז אָבער אַזאַ — פלעגט ער אויפקלערן — אויב דו זאָגסט צו הונדערט קינדער זיי זאָלן אויפשטיין, וועלן אַכציק רואיק אויפשטיין, זיך אָנטון, זיך וואַשן, און שוין זיין גרייט אויף אַ נייעם רוף — צום אָנ־בייסן.

אַכט פון זיי — מוזטו צוויי מאָל איבערחזרן, זיי זאָלן אויפשטיין.

פינף — מוז מען דריי מאָל דערמאָנען.

אויף דריי מוזטו אָנשרייען.

צוויי מוזטו וועקן.

איינעם טוט ווי דער קאָפּ. ער איז קראַנק, אָדער אפשר מאַכט ער זיך קראַנק?

גיינציק קינדער טוען זיך אָן.

צוויי אָבער מוזטו העלפן, ווייל זיי בלייבן הינטערשטעליק.

איינעם איז פאַרוואָרפן געוואָרן אַ זאָקן־בענדל, אַ צווייטער האָט אַן אָפּגעפּרוירענעם פינגער און קאָן זיך נישט אָנטון דעם שוך.

איינעם גאָר האָט זיך געמאַכט אַ קנופּ אין שיך־בענדל.

עמיצער שטערט וועמען ביים אויפבעטן דאָס בעט.

איינער וויל נישט געבן די זייף.

אַ צווייטער שטופּט זיך, אָדער שפּריצט ביים וואַשן זיך, האָט פאַר־ביטן דאָס האַנטוך, גיסט אָן אויפן דיל.

אַן אַנדערער ווידער האָט אָנגעטון דעם רעכטן שוך אויפן לינקן פוס.

איינער האָט אים צוגענומען די בלוזקע, ווייל ערשט מיט אַ רגע צוריק איז זי געוועזן.

עמיץ וויינט: דאָס איז זיין שיסל, שטענדיק וואַשט ער זיך אין איר, נאָר היינט איז יענער געקומען דער ערשטער.

אַזאַ איז דאָס רעאַלע לעבן פון קינד מיט זיין נאַטירלעכן קאָלאָ־ריט. אַזוי וועט עס אויך זיין מאָרגן, נאָר מיט קליינע ענדערונגען אין די ראָלן.

אַזוי איז דאָס לעבן פון דער קינדער־מחנה. דאָס זעלבע וועט זיין אין אַ חודש אַרום, אין אַ יאָר, אין פינף יאָר אַרום.

דאָ וועלן נישט העלפן קיין גוואַלדן, געשרייען, אָדער אויפרעגונ־גען. דאָס דאַרף מען באַנעמען אַזוי ווי אַ נאַטור־געזעץ. דעם דערציער איז נישט מעגלעך צו ענדערן די נאַטור, דאָס גייט שוין אַרויס פון די גרענעצן פון זיין קאָמפּעטענץ.

קאָרטשאַק פאָרמולירט עס אַזוי:

„איך קען שאַפן אַ טראַדיציע פאַר אמת, פאַר אָרדענונג, אַרבעט־זאַמקייט, ערלעכקייט, אויפריכטיקייט. כ'וועל אָבער נישט באַווייזן אי־בערצואַרבעטן קיינס פון די קינדער אויף עפּעס אַנדערש וואָס עס איז. די בעריאָזע וועט וייטער בלייבן אַ בעריאָזע, דער דעמב אַ דעמב און די סאָסנע אַ סאָסנע. איך קען וועקן דאָס, וואָס עס דרימלט אין דער נשמה, באַשאַפן אָבער עפּעס נייעס — קען איך נישט".

די דערציאונג האָט נישט קיין אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן, פאַרקערט, די מעגלעכקייטן זיינען באַגרענעצט ביז גאָר. דער דערציער דאַרף דאָס שטענדיק נעמען אין אַכט, דעמאָלט וועט ער אויסמיידן אַ סך פעלערן.

וואָס איז אייגנטלעך דער אונטערשייד צווישן דעם גוטן און דעם שלעכטן דערציער? — פרעגט קאָרטשאַק, און ער ענטפערט בערך אַזוי:

פעלערן און עוולות באַגייען ביידע. דער אונטערשייד ליגט נאָר אין דער צאָל פון די באַגאַנגענע פעלערן און פאַראורזאַכטע עוולות.

דער שלעכטער דערציער שרייבט־צו די שולד פון זיינע באַגאַנגענע פעלערן די קינדער.

דער גוטער דערציער ווייסט, אַז עס איז כדאי צו פאַרטראַכטן זיך איבער די גוטע עפּיזאָדן, ווייל אין זיי באַהאַלט זיך אַ רעטעניש, וואָס מ׳דאַרף נישט גרינגשאַצן.

„אַ שלעכטער דערציער האַלט, אַז קינדער דאַרפן נישט טומלען, נישט פאַרפלעקן די מלבושים, זיי דאַרפן נאָר געוויסנהאַפט זיך אויסלערנען די גראַמאַטיקאַלע פאָרמולעס.

„אַ פאַרשטאַנדיקער דערציער רעגט זיך נישט אויף, אויב דאָס קינד פאַרשטייט נישט, נאָר ער פאַרטראַכט זיך, זוכט, פרעגט זיך נאָך ביי די קינדער. וועט ער זיי נאָר נישט אָנגרייפן צו שטאַרק, וועט ער זיך ביי זיי עפּעס אויסלערנען, אויב ער וועט נאָר ווען״.

***

קאָרטשאַק פלעגט אָפט מאַכן פאַרגלייכן צווישן דער פונקציע פון מעדיקער און דעם דערציער. ער אַליין איז געווען אַ קינדער־מעדיקער און ער איז אַזוי אַרום געקומען צום קינד. פאַר אים איז דעריבער געווען אַ נאָענטער צוזאַמענהאַנג צווישן דיביידע געביטן און ער האָט מערערע מאָל אָנגעוויזן, אַז דער דערציער קען ביים מעדיקער זיך אויסלערנען אַ סך פּראַקטישס, ווי אַזוי זיך אומצוגיין מיטן קינד.

דער מעדיצין — פלעגט ער זאָגן — פאַרדאַנק איך די טעכניק פון אונטערזוכן און די דיסציפּלין פון וויסנשאַפטלעכן דענקען.

אַ דאָקטער האָט זיך זיינע סימפּטאָמען, און אויך אַ דערציער האָט זיך זיינע סימפּטאָמען. צי האָט אָבער אַ זין, אַז דער מעדיקער זאָל זיך אויפרעגן ווען ער שטעלט פעסט אַ געוויסע שלאַפקייט? אין דער זעלביקער לאַגע געפינט זיך דער דערציער: אויפרעגן זיך, שרייען, וועט מיט גאָרנישט ענדערן די לאַגע.

אָט ווי קאָרטשאַק זאָגט עס מיט זיין אייגענער שפּראַך:

„די סימפּטאָמען שטעל איך פעסט אָן כעס. דאָס קינד האָט היץ, דאָס קינד קאַפּריזעוועט, נידער איך אַראָפּ די היץ און באַזייטיק וויפל עס איז מעגלעך די סיבה דערפון. איך שוואַך אָפּ די אָנגעצויגנקייט פון קאַפּריז, אויף וויפל דאָס איז מעגלעך, אָן שאָדן פאַר זיין גייסט.

„איך ווייס נישט פאַרוואָס — ווען מיין מעדיצינישע הילף גיט נישט דעם געוווּנטשענעם רעזולטאַט, רעג איך זיך נישט אויף, נאָר איך זוך ווייטער. דאָס זעלביקע טו איך ווען איך באַמערק, אַז מיין אָנווייזונג דערגרייכט נישט דעם געהעריקן ציל, דער באַפעל ווערט נישט אויסגעפירט דורך די קינדער, אָדער אַפילו נאָר דורך איין קינד — איך רעג זיך נישט אויף, איך פאָרש נאָר די סיבה דערפון".

קאָרטשאַק פירט דעם פאַראַלעל ווייטער:

„אַ קליינער, אומבאַדייטנדיקער פּרט ווייזט אָפט מאָל אָן אויף אַ וויכטיק געזעץ; אַן איינצלנער פּרט קאָמפּליצירט זיך אין אַ רעטעניש.

„ווי אַ מעדיקער און ווי אַ דערציער קען איך נישט קיין קלייניקייטן. אויפמערקזאַם פאָרש איך דאָס, וואָס ווייזט אויס צופעליק און ווערטלאָז. די אומבאַדייטנדסטע געשעעניש ברענגט אָפט מאָל צום אונטערגאַנג פון אַ שטאַרקן רעזשים. דער מיקראָסקאָפּ דעקט אויף אין אַ טראָפּן וואַסער אַן עפּידעמיע, וואָס ליידיקט אויס גרויסע שטעט".

און נאָך אַ פאַרגלייך:

„אַ דאַנק דער מעדיצין האָב איך זיך אויסגעלערנט צונויפּבינדן די מיזאָם־צעשפּרייטע פּרטים און סתירהדיקע סימפּטאָמען — אין איין לאָגיש בילד פון דערקענטעניש. באַרייכערט מיט דערפאַרונג וועגן די שטאַרקע נאַטור־געזעצן און דעם פאָרשערישן מענטשלעכן געדאַנק, שטיי איך קעגנאיבער דעם אומבאַקאַנטן: דעם קינד".

נאָך אַזוי פיל מי, זוכן, פאָרשן, אָבסערווירן, האָט קאָרטשאַק נאָך אַלץ געהאַלטן דאָס קינד פאַר אַ רעטעניש.

## 4

דאָס הומאַניטאַרע פאַרשטענדעניש פאַרן קינד איז געווען דאָס וואָס האָט אים געלענקט אין זיין גאַנצער אַרבעט און איז געווען די באַזע פון זיין דערציאונג־סיסטעם.

קאָרטשאַק איז געווען קאָנסעקווענט אין זיין פאַרשטענדעניש פאַרן

קינד; אָפּטמאָל איז ער לויט די אָנגענומענע באַגריפן געווען צו טאָלע־ראַנט.

אין באַצוג צום קינד האָט ער געהאַלטן פֿאַר אַן עיקר: לאָזן אים בלאָנדזשען, לאָזן אים באַגיין פֿעלערן.

עס איז נישט די אויפֿגאַבע פֿון דערציער צו פֿאַרלויפֿן דעם קינד דעם וועג, פֿאַרהיטן אים ביי יעדער געלעגנהייט פֿון אַ פֿעלערהאַפֿטן שריט. מיר מוזן געדענקען, אַז אין מאָמענטן פֿון גרויסע נסיונות וועלן מיר מיט אים נישט זיין, וועט ער נישט האָבן אונדזער הילף.

זאָל דאָס קינד אַליין זיך שטאַרקן אין די ראַנגלענישן מיט זיין איי־גענעם געוויסן, עס וועט זיך אַליין איינאיבן, פֿאַרפֿעסטיקן זיין מאָראַ־לישן אויסדויער. זאָל ער דעריבער גרייזן, זינדיקן.

קאָרטשאַקס אַ כאַראַקטעריסטישע לאָזונג:

— זאָג נישט: עס עקלט מיך די זינד.

נאָר זאָג: מיך ווונדערט נישט וואָס דו האָסט געזינדיקט.

קאָרטשאַקס שטאַנדפּונקט איז געווען: אַ קינד האָט רעכט אַמאָל צו זאָגן אַ ליגן, עפּעס אויסנאַרן, אַפֿילו אַמאָל עפּעס גנבענען. מ׳דאַרף נאָר שטיין אויף דער וואַך אַז דאָס זאָל נישט ווערן אַ געוווינהייט.

„אויב דאָס קינד האָט קיין איין מאָל נישט געהאַט די געלעגנהייט אויסצודליבען די ראָזשינקעס פֿון קוכן און זיי אויפֿעסן באַהאַלטענער־הייט, איז ער נישט און וועט נישט זיין ערלעך, ווען ער וועט אויפֿ־וואַקסן".

ערלעכקייט איז אַ געפֿיל, וואָס דאַרף זיך אַנטוויקלען, דאָס קינד אַליין דאַרף קומען דערצו אויף דער באַזע פֿון זיין אייגענער דערפֿאַרונג.

דאָס קינד מוז האָבן די פֿרייהייט צו בלאָנדזשען און פֿריידיק שטרעבן אויסצובעסערן זיך. אַזאַ באַנעמען זיך צום קינד פֿאָדערט פֿון דערציער אַ ברייטע טאָלעראַנץ, אַז דאָס קינד זאָל זיך קענען פֿול אויס־לעבן און קומען צום אויסדרוק מיט זיין שפּאַס, שטיפֿערישקייט, בייזווי־ליקייט און אויך מיט זיין פֿאַלשקייט.

קאָרטשאַק דערציילט אַזאַ עפּיזאָד: ער האָט איינעם פֿון די יינגלעך דערלויבט צו גנבענען אַן אָנדענק־קאַרטל, פֿון די וואָס ווערן צעטיילט

צווישן די קינדער פאַר אויסצייכענען זיך אויף פאַרשיידענע געביטן. ער האָט דאָס געטאָן נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת מיט זיך ביז ער האָט אָנגענומען דעם באַשלוס: „דאָס יינגל מיט אַ שטאַרקן ווילן, מיט אַ שטאַרקער פאָרשטעלונג־קראַפט, האָט איין מאָל כאָטש געמוזט עפּעס צוגנבענען״.

די סיבות פון גנבה ביי קינדער פאָרמולירט קאָרטשאַק אויף אַזאַ אופן:

„אַ קינד גנבעט, ווען ער וויל עפּעס שטאַרק האָבן, און ער קען זיך נישט אָקעגנשטעלן דעם דראַנג.

„אַ קינד גנבעט, ווען ער זעט אַ סך פון דעם זעלביקן אָביעקט — טראַכט ער זיך: מען מעג איינס צונעמען.

„אַ קינד גנבעט, ווען ער קען נישט דעם אייגנטימער פון דער זאַך.

„אַ קינד גנבעט, ווען מ׳האָט ביי א י ם עפּעס געגנבעט.

„ער גנבעט, ווייל ער דאַרף עס.

„ער גנבעט, ווייל מ׳האָט אים אָנגערעדט דערצו״.

דער אָביעקט פון דער גנבה שפּילט קיין ראָל נישט. עס קען זיין אַ שטיינדל, אַ נוס, אַ פּאַפּירל פון צוקערלעך, אַ טשוועקל, אַ שאַכטעלע פון שוועבעלעך, אַ שטיקל קאָלירטע גלאָז, אָדער אַ שטיקל דראָט, צי אַ בלייער.

אַגב, אין אינטערנאַט טרעפט מען אָן אויף דער דערשיינונג, אַז אַלע קינדער גנבענען און עס איז פאַראַן טאָלעראַנץ פאַר גנבה. דאָס נעמט זיך דערפון וואָס אַ סך זאַכן פון קלענערן ווערט אין דער קינדער־היים, קען מען באַטראַכטן פאַר פערזענלעך אייגנס און אויך פאַר קאָלעקטיוו פאַרמעגן.

אָדער נעמט די דערשיינונג פון זאָגן ליגן. טאַטע־מאַמע און אויך לערער־דערציער רעגן זיך שטאַרק אויף, ווען זיי שטויסן זיך אָן ביים קינד מיט דער דאָזיקער דערשיינונג.

אנשטאָט זיך אויפרעגן — עצהט קאָרטשאַק — דאַרף מען בעסער דערגרונטעווען זיך צו די סיבות וואָס ברענגען דאָס קינד צו באַנוצן זיך מיט ליגנס. אין די מערסטע פאַלן זיינען מיר דער גורם דערפון.

אָט זיינען אייניקע פון די גורמים, לויט קאָרטשאַקן:

„קינדער זאָגן ליגן, ווען זיי שרעקן זיך און זיי ווייסן אַז דער אמת וועט נישט אויפגעדעקט ווערן.

„קינדער זאָגן ליגן, ווען זיי שעמען זיך.

„קינדער זאָגן ליגן, ווען דו צווינגסט זיי צו זאָגן דעם אמת, וועלכן זיי ווילן נישט, אָדער זיי קענען נישט זאָגן.

„קינדער זאָגן ליגן, ווען זיי ווייזט זיך אויס אַז אַזוי דאַרף עס זיין".

ווי אַן אילוסטראַציע וועל איך ציטירן דעם אומבאַדייטנדיקן פאַל. אַ קינד האָט אויסגעגאָסן וואַסער אין באָדצימער.

— ווער האָט אויסגעגאָסן?

— איך.

דאָס קינד וואָלט זיך נישט מודה געווען, ווען ער וואָלט זיך גע־שראָקן פאַר אַ האַרבער שטראָף.

דאָס קינד האָט זיך יאָ מודה געווען און ער פּרוווט באַרעכטיקן זיין טאַט, ווייל ער ווייסט, אַז דער דערציער וועט אים נישט באַשטראָפן, ער וועט אים בלויז זאָגן: „נעם די שמאַטע און וויש אויס" און ער וועט נאָך אפשר צוגעבן: „טויגעניכטס!"

דאָס איז נאָר אַ קליינער פאַל, אָבער אויך אין ערנסטע פאַלן וועט אַ קינד זיך מודה זיין, ווען ער ווייסט אַז דער דערציער וועט מאַכן אַלע אָנשטרענגונגען אויפצודעקן דעם אמת.

קאָרטשאַק דערציילט אַזאַ פאַל:

איינעם אַן אומבאַליבטן יינגל האָט מען אָנגעגאָסן וואַסער אין בעט. ווער האָט עס געטון? קיינער איז זיך נישט מודה. קאָרטשאַק האָט געמאָלדן די קינדער, אַז ביז עס וועט נישט באַקאַנט ווערן דער שולדי־קער, וועט ער קיינעם נישט אַרויסלאָזן פון שלאָף־צימער.

עס גייט דורך אַ שעה. די עלטערע יינגלעך דאַרפן שוין גיין צו דער אַרבעט, עס דערנענטערט זיך די שעה פון אָנבייסן. זיי ווילן היינט עסן דאָס אָנבייסן אין שלאָף־צימער. קיינער וועט היינט נישט גיין אין שול אַריין און אויך נישט צו די אינערלעכע באַשעפטיקונגען.

און אָט הייבט זיך אָן עפּעס אַ באַוועגונג. די קינדער שעפּטשען

צווישן זיך פֿאַרטרויִלעך. פֿאַראַן אַ פֿאַרדעכטיקע גרופּע, פֿאַר וועמען דער ענין איז אַפּנים נישט פֿרעמד. ווייזט אויס, זיי טראַכטן עפּעס צו. מעג־לעך זיי ווייסן ווער דאָס איז און אפֿשר ריידן זיי צו דעם באַטרעפֿנדיקן ער זאָל זיך מודה זיין.

און אָט ווענדט זיך איינער צום דערציִער.

— הער דערציִער...

— דו האָסט עס געטאָן?

— איך.

און קאָרטשאַק גיט צו:

„דערלויב די קינדער צו האַלטן אַ סוד. גיב זיי די רעכט צו זאָגן: „איך ווייס, נאָר איך וועל נישט זאָגן" — דעמאָלט וועט ער נישט זאָגן קיין ליגן.

„דערלויבט די קינדער צו פֿאַרטרויען זיך אויפֿריכטיק מיט זייערע געפֿילן, וועלכע אַנטשפּרעכן נישט די פֿאַרהייליקטע פֿאָרשריפֿטן".

5

אומגעהויער דעליקאַטע סיטואַציעס ווייזט אונדז קאָרטשאַק אין זיין שטרעבונג צו פֿאַרשטיין, דערקענען דאָס קינד.

אָט נעמט דעם ענין פֿון פֿרעגן. קינדער פֿאַרוואַרפֿן דעם דערציִער אָדער טאַטע־מאַמע מיט פֿראַגן. נאַטירלעך איז דאָס נישט קיין שפּיל, קיין צייט־פֿאַרטרייב פֿאַר זיי, נאָר אַ נויטווענדיקייט, דער דראַנג פֿון וועלן אויסברייטערן דעם אייגענעם האָריזאָנט.

דאָס קינד וויל וויסן, וויל לערנען און עס זוכט צו באַרייכערן זיין וויסן. אַגב, קען מען דורך די פֿראַגן דערקענען דאָס קינד. די פֿראַגן אַנט־פּלעקן דעם קינדס אינערלעכע וועלט, זיינע שטרעבונגען, באַגערן.

עס איז נישט קיין צופֿאַל, וואָס אייניקע קינדער האָבן ליב צו פֿרעגן וועגן ים, אַנדערע וועגן דער לבֿנה, וועגן פֿייגל, פֿלאַנצן, אָדער גאָר וועגן דער פּראָבלעם פֿון אָרעם און רייך. די דאָזיקע פֿראַגן דערציילן וועגן דער ספּעציפֿישער פּונעם קינדס אינטערעס.

מיט זיינע פראַגן שטעלט דאָס קינד אָפטמאָל אַוועק דעם דערוואַק־סענעם אין אַ פאַרלעגנהייט. עס איז באמת נישט גרינג צו ענטפערן כאָטש טיילווייז אויף דעם קינדס פראַגן. צום גרינגסטן איז, פאַרשטייט זיך, צו ענטפערן, ווי מ'ענטפערט מערסטנס דעם קינד — מיט דעם קלאַסישן „פאַרדריי מיר נישט דעם קאָפּ!" אָדער: „נודיע נישט!"

און אויב אַ פאָטער איז שווער צו ענטפערן איין קינד אויף זיינע פראַגן, טאָ ווי שווער דאַרף שוין זיין די לאַגע פון אַ דערציער, וועלכער דאַרף ענטפערן 150 קינדער?

ס'שאַפט זיך ווירקלעך אַ דעליקאַטע סיטואַציע. דער געוויסנהאַפ־טער דערציער קומט אָפט אין אַ קאָנפליקט מיט זיך צוליב די קינדערי־שע פראַגן. ער ווייסט נישט און קען נישט אַזויפיל, כדי צו קענען ענט־פערן. און נישט שטענדיק האָט ער געדולד געפרעגט צו ווערן און פער־מאָנענט צו ענטפערן.

און ווי פאַרשיידן עס איז דער כאַראַקטער פון די פראַגן גופא! זייט ביי זייט מיט די פראַגן, וואָס דריקן אויס דעם קינדס ספקות, דעם באַ־גער צו וועלן וויסן און אַריינדרינגען אין דער סודותפולער נאַטור, זיי־נען נישט ווינציק די פראַגן מיט וועלכע דאָס קינד וויל נאָר ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דערציער. אמת, טיילמאָל זיינען די פראַגן נישט מער ווי אַן אויבערפלאַכלעכע נייגעריקייט.

קאָרטשאַק ראָט דעם דערציער אויך אין דעם פּרט צו זיין נאַטיר־לעך און אויפריכטיק מיטן קינד. אויב דער דערציער ווייס נישט — אַזעלכע פאַלן זיינען פאַראַן געווענ אָפט — זאָל ער זאָגן: „איך ווייס נישט", „קוק נאָך אין אַ בוך", אָדער „פרעג מיך אין אַ וואָך אַרום". זיין אויטאָריטעט וועט דערפון גאָרנישט ליידן.

בכלל פלעגט ער האַלטן, אַז אין אַזעלכע פאַלן איז פיל בעסער אין גאַנצן נישט צו ענטפערן, איידער צו ענטפערן אויף אָפּצופטרן, אויבער־פלאַכלעך אָדער אומפאַרשטענדלעך.

עס איז ערלעך צו זאָגן דעם קינד: „ווען דו וועסט זיין אַ גרויסער, ווען דו וועסט לערנען פיזיק, כעמיע, קאָסמאָגראַפיע — וועסטו עס פאַר־שטיין".

און דאָס קינד מעג אויך וויסן, אַז עס זיינען פאַראַן זאַכן, וועלכע קיינער ווייסט נישט, אַפילו גרויסע, אַפילו דער לערער — קיינער נישט.

דער דאָזיקער אויפריכטיקער מענטשלעכער צוגאַנג צום קינד האָט אים נישט פאַרפירט. שטענדיק איז אים געלונגען אויסצובייטערן די פאַרשטענדעניש פאַרן קינד און פאַרטיפן זיך אין זיין לעבן.

ס׳איז געווען איינגעפירט אין קאָרטשאַקס היים, אַז אַ טייל קינ־דער פלעגן בעטן עפּעס ביים דערציער נישט דירעקט, נאָר דורך אַ שליח.

— משה פרעגט, צי ער מעג, צי מען דערלויבט אים?

קאָרטשאַקן איז דער איינפיר נישט געפעלן געוואָרן. ער האָט גע־זוכט אים אָפּצושאַפן. ווייל נאַטירלעך איז, קינדער זאָלן אַליין דערליי־דיקן זייערע ענינים און נישט באַנוצן זיך מיט פאַרמיטלער.

דער וויכטיקסטער מאָטיוו אָפּצושאַפן די פאַרמיטלער איז געווען, ווייל דאָס שאַפט אַ שעדלעכן סיסטעם פון פּראָטעקציאָניזם. דער שליח, פאַרמיטלער, שתדלן, אָדער גאָר אַדוואָקאַט איז פאַר זיין דורכגעפירטער אַרבעט זיכער באַלוינט געוואָרן.

אַ חוץ דעם איז אין דעם נישט קומען אַליין, נאָר שיקן אַ צווייטן, געווען אויך אַ גרינגשאַצונג לגבי דעם דערציער.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַז באַקעמפן דעם סיסטעם איז נישט געווען אַזוי גרינג, ווי מ׳האָט געמיינט.

די דערציער האָבן אַזאַ שתדלן געענטפערט:

— זאָל ער, דער פאַראינטערעסירטער אַליין קומען.

דער פאַראינטערעסירטער איז אָבער נישט געקומען. בעסער נישט האָבן וואָס ער דאַרף, וואָס ער באַגערט, און אַליין נישט קומען.

קאָרטשאַק האָט אָנגעהויבן צו פאַראינטערעסירן זיך מיט דער דער־שיינונג, זוכן די סיבה, פאָרשן —

און אויסגעפונען האָב איך — האָט ער געזאָגט — נישט קיין אויס־שליסלעך קינדערשן שטריך, נאָר אַן אַלגעמיין־מענטשלעכן שטריך פון נשמה־איידלקייט.

קאָרטשאַק, דער הומאַניסט, האָט פעסטגעשטעלט, אַז דאָ באַהאַלט

זיך נישט קיין גרינגשאַצונג צום דערציער, אויך נישט קיין שעדלעכער פּראָטעקציע־סיסטעם, ווי מ'האָט לכתחילה פאַרדעכטיקט.

עס האַנדלט זיך אין דעם, אַז דאָס קינד וויל זיך נישט אַנטרעפן פּנים־אל־פּנים מיט אַן אָפּזאָג. דער שליח, וואָס קומט בעטן פאַר אים, פילט נישט קיין באַליידיקונג אויב מ'זאָגט אים אָפּ. דער פאַראינטערע־סירטער צד שפּאָרט זיך דערפאַר איין די אומאַנגענעמלעכקייט, נישט צו דאַרפן זען די פריקרע העויה אויפן דערציערס געזיכט, אָדער די אומ־געדולדיקע, נעגאַטיווע האַנט־באַוועגונג.

עס פלעגט טרעפן, דער פאַראינטערעסירטער גופא איז געשטאַנען אין אַ זייט און זיך פון ווייטנס צוגעקוקט, ווי דער שליח זיינער האָט געבראַכט זיין בקשה צום דערציער, בכדי צו זען וואָס פאַר אַן איינדרוק עס מאַכט; ער איז געווען גרייט אויפן ערשטן רוף אַליין זיך צו שטעלן פאַרן דערציער און פערזענלעד אויפצוקלערן דעם ענין.

## 6

און ווי דעליקאַט און דרך־ארצדיק קאָרטשאַק האָט זיך באַצויגן צום קינדס געהיימנישן, אילוסטרירט דער ווייטערדיקער ביישפּיל:

עס טרעפט אַז מען דערנענטערט זיך צו אַ קינד מיט די בעסטע געפילן, אָבער דאָס קינד רוקט זיך אָפּ און מיידט דיך אויס.

מעגלעך אַז דו האָסט זיך פאַרשולדיקט לגבי אים, און אפשר, דאָס קינד אַליין פילט זיך שולדיק. ס'איז געמאָלט אַז עס האָט עפּעס שלעכטס געטאָן און די ערלעכקייט זיינע דערלויבט אים נישט אויפצונעמען די אומבאַרעכטיקטע לאַסקעס פונעם דערציער.

עס איז אַ דעליקאַטע סיטואַציע פאַרן דערציער און אויך פאַרן קינד. עס פאָדערט זיך אַ סך טאַקט נישט אויפצורייצן, פאַרוואונדן דאָס קינד.

אין אַזעלכע פאַלן פלעגט קאָרטשאַק עצהן דעם דערציער, נישט צו רעאַגירן גלייך אויפן אָרט. פאַרשרייב עס און ערשט אין אַ וואָך, אין אַ חודש אַרום, פרעג אים.

ס׳איז רעכט, אַז פאַר דער צייט זאָל ער שוין האָבן פאַרגעסן. ס׳איז אויך מעגלעך, ער זאָל זאָגן פאַרוואָס ער האָט אַזוי געהאַנדלט, אָדער גאָר מיט אַ שמייכל זאָל ער געבן אָנצוהערן אַז ער געדענקט, נאָר ער וויל נישט זאָגן.

— האָב אָפּשיי פאַר דעם קינדס סוד! — איז געווען קאָרטשאַקס לאָזונג.

דאָס קינד האָט זיך זיינע סודות. עס איז באַרעכטיקט זיי צו האָבן און האָט אויך רעכט זיי אויסצובאַהאַלטן פון דערוואַקסענעם.

און אַז מ׳רעדט וועגן דעם קינדס אַ סוד, מיינט עס נישט קיין פאַר־שווערונג עפּעס מיסטעריעזעס און פאַרדעכטיקס. אין די מערסטע פאַלן זיינען עס דינגע, אינטימע באַגערן, נשמהדיקע טראַכטענישן, וועלכע מען קען גאָרנישט אַרויסברענגען, עמעצן פאַרטרויען. מיטן אַרויסברענגען זיי וואָלטן זיי אויסגעקרימט געוואָרן.

קאָרטשאַק אילוסטרירט דאָס מיט זייער אַ כאַראַקטעריסטישן עפּי־זאָד:

אַ קינד, זעט אויף דער גאַס אַ לויה. אַ רירנדיקע טרויער־פּראָ־צעסיע. נאָך דעם אָרון גייט אַ קינד, אַ מיידל אין טרויער. די מאַמע אי־רע איז, ווייזט אויס, געשטאָרבן. איר קליידל איז אַרומגענייט מיט שוואַרצן קרעפּ. אין דעם גאַנצן בילד איז פאַראַן עלעגישס.

דאָס קינד איז טיף גערירט פון דעם בילד און עס באַהערשט אים אַ געדאַנק: עס איז אוודאי אנגענעם... ווען מיין מאַמע זאָל אַזוי שטאַרבן...

דערנאָך קוקט דאָס קינד אויף דער מוטער מיט שרעק: אָ, איך וויל נישט מיין מאַמע זאָל שטאַרבן. ביין!...

דאָס קינד ליידט און שרעקט זיך פאַר דעם מוראדיקן געדאַנק, וואָס עס האָט געטראַכט וועגן זיין ליבער מאַמען.

נו, איז מעגלעך אַזאַ געדאַנק וועמען צו פאַרטרויען?

צי האָבן מיר רעכט צוצושטיין צו אַזאַ קינד מיט פראַגן אין אַ מאָמענט, ווען עס לעבט איבער אַ מוראדיקן קאָנפליקט מיט זיין גע־וויסן?

„אויב דאָס קינד פאַרטרויט דיר אַ סוד — זאָגט קאָרטשאַק — פריי זיך, ווייל זיין צוטרוי איז די העכסטע אויסצייכענונג, דער בעס־טער דיפּלאָם פאַר דיר, דערציער. נאָר צווינג עס נישט, ווייל דאָס קינד האָט רעכט צו האָבן געהיימנישן. פרעס נישט אויס, נישט מיט געבעט, נישט מיט פאַלשקייט, אָדער מיט דראָונגען. די אַלע מיטלען זיינען נישט ווירדיק. זיי דערנענטערן נישט, נאָר זיי דערווייטערן דאָס קינד פון דיר״

קאָרטשאַק פאַרלאַנגט מען זאָל איבערצייגן די קינדער, געבן זיי צו פילן, אַז מיר האָבן דרך־ארץ פאַר זייערע געהיימנישן. דאָס קען מען דערגרייכן דורך דער זייער איינפאַכער פראַגע:

— צי קענסטו מיר זאָגן?

דאָס באַטייט נישט „דו מוזט זאָגן״.

אויף דיין „פאַרוואָס?״ זאָל דאָס קינד נישט דאַרפן זיך אַרויס־דרייען מיט זיין ענטפער. פרעג אַזוי, אַז דאָס קינד זאָל קענען זיין אויפ־ריכטיק מיט דיר:

— ד אָ ס זאָגן קען איך נישט. אַמאָל וועל איך עס אייך זאָגן.

אָדער:

— כ׳וועל עס קיין מאָל נישט זאָגן.

ס׳זיינען פאַראַן צווישן קינדער, פונקט ווי ס׳זיינען פאַראַן צווישן דערוואקסענע אַזעלכע, וואָס ווילן אויסגעבן זייערע חברים, אַזעלכע וואָס זיינען גרייט דעם דערציער איבערצוגעבן סודות.

אָפטמאָל איז אין דעם דערציילן פאַראַן דאָס געפיל פון וועלן זיך נוקם זיין אין זיינע חברים. עס פאָדערט זיך אַ סך טאַקט פון דערציער ווי צו באַגיין זיך מיט אַזעלכע קינדער.

אָט איז אַ קאָנקרעטער פאַל, ווי קאָרטשאַק האָט זיך נוהג געווען מיט אַזאַ קינד, אָן צו פאַרלירן זיין באַציאונג און רעספּעקט צו אים און אָן צו לאָזן אים פילן וואָס ער טראַכט וועגן אים.

עס קומט אַ קינד און דערציילט דעם דערציער בסוד:

— די עלטערע ייִנגלעך ריידן געמיינע רייד. זיי טראָגן זיך אַרום מיט נישט קיין פיינע בילדלעך און מיאוסע לידער.

אויף דעם דערציערס פראַגע, וואָסערע בילדלעך און לידער דאָס זיינען, ענטפערט ער:

— איך ווייס נישט.

ער האָט זיך באַהאַלטן, זיי זאָלן אים נישט זען. ער האָט ספּעציעל זיך אונטערגעהערט. ער דערציילט עס דערפאַר, ווייל אַזעלכע בילדלעך, ווייס ער, טאָר מען נישט האָבן. ער וויל מ׳זאָל זיי באַשטראָפן.

קאָרטשאַק פרעגט אים:

— האָסטו נישט געבעטן מ׳זאָל דיר ווייזן אַזאַ בילדל?

— איך האָב געבעטן, אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט. זיי האָבן געזאָגט אַז איך בין נאָך צו קליין.

דעם קינדס כוונה איז שוין קלאָר, און קאָרטשאַק פרעגט ווייטער:

— צי מעג איך זאָגן, פון וועמען איך ווייס עס?

דאָס קינד דערלויבט נישט צו זאָגן, ווייל זיי וועלן אים נאָך שלאָגן דערפאַר.

— אויב דו דערלויבסט נישט זאָגן פון וועמען איך ווייס עס, קען איך זיי גאָרנישט טון. זיי וועלן חושד זיין אַ צווייטן און זיי וועלן אים שלאָגן.

דאָס קינד פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע און ער זאָגט:

— איך פאַרלאָז זיך אינגאַנצן אויפן דערציער. זאָל ער האַנדלען ווי ער פאַרשטייט.

דאָס איז זיכער אַ בשלומדיקער אויסגאַנג פון דער דעליקאַטער סי־טואַציע.

**
*

פונקט ווי עס זיינען פאַראַן קינדער, וועלכע מיידן אויס דעם דער־ציער, זיינען אויך פאַראַן קינדער וועלכע זוכן זיין נאָענטקייט, זיין באַ־רירונג, זיין שמייכל און בליק.

מערסטנס פטרט מען אָפּ די דאָזיקע קינדער מיט איין באַגריף: „קליינע און כיטרע חונפים״. אַזאַ צוגאַנג אָבער פון פאַראַלגעמיינערן, פון „כל הנערים״ איז פאַלש. אין יעדן איינעם פון אַזאַ פאַל זיינען פאַ־ראַן באַזונדערע אומשטענדן, פאַקטאָרן וואָס ווירקן.

קאָרטשאַק האָט אונדז דערציילט אַ פאַל פון אַזאַ קינד. אַ יינגל אַ טרוקענער, אַ זייטיקער און פאַרמאַכטער אין זיך האָט מיטאַמאָל גענומען דערנענטערן זיך צו אים און אים אַרויסגעוויזן אַן איבערטריבענע אויפמערקזאַמקייט.

ער איז געווען דער ערשטער צו לאַכן פון זיינעם אַ שפּאַס, ער איז אים פאַרלאָפן דעם וועג און האָט פאָראויס אויסגעפירט יעדן ווּנטש זיינעם.

דאָס אַלץ איז ביים יינגל אַרויסגעקומען זייער נישט געשיקט, אומבאַהאָלפן. מ'האָט בפירוש געזען זיין מיין, צו רופן קאָרטשאַקס אויפמערקזאַמקייט אויף דעם וואָס ער טוט. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן גענוג לאַנג. קאָרטשאַק האָט אויסבאַהאַלטן דעם אומאנגענעמען געפיל, וואָס דאָס האָט אים פאַרשאַפט.

— וואָס איז אָבער די סיבה פון זיין פאַרענדערטער אויפפירונג?

איין מאָל איז קלאָר געוואָרן דעם קינדס מיין. אין אַ גינסטיקן מאָמענט האָט דאָס יינגל געבעטן קאָרטשאַקן, ער זאָל אַריינבנעמען זיין יונג ברודערל אין דער קינדער־היים.

קאָרטשאַק איז געווען אויסערגעוויינטלעך גערירט פון דעם:

„איך האָב געפילט — דערציילט ער — ווי די טרערן שטיקן מיך. אָרעם קינד, וויפל אָנשטרענגונג דאָס האָט אים געקאָסט, אַזאַ לאַנגע צייט צו זיין עפּעס אַנדערש פון דעם, וואָס ער איז געווען אין דערווירקלעכקייט".

בלויז דער דאָזיקער פאַל באַווייזט, אַז מ'טאָר נישט די אַלע קינדער, וואָס זוכן די דערנענטערונג פונעם דערציער, אָפּשטעמפּלען ווי סתם חונפים.

## 7

עס וועט אפשר אויסקוקן אומפאַרשטענדלעך און ווי אַ סתירה, אַז ביי דער טיפער פאַרשטענדעניש, וואָס קאָרטשאַק האָט אַרויסגעוויזן דעם קינד, האָט ער אויך געפאָדערט פון אים גאָר אַ שטרענגע דיסציפּלין.

דאָס קינד האָט איבערגענוג מאָטיוון זיך אַנטקעגנצושטעלן די טרױ־קענע באַפעלן פון דערוואקסענעם און ער שטעלט אַ ווידערשטאַנד.

— גיי שוין שלאָפן!

— איך וויל זיך נישט לייגן שלאָפן, דער אָוונט איז אַזוי שמעקעוו־דיק און דער הימל איז פאַרזייט מיט אַזויפיל שיינע שטערן.

— איך וויל היינט נישט גיין אין שול אַריין, ווייל ביינאַכט איז אויסגעפאַלן דער ערשטער שניי. עס איז אַזוי פריילעך אויף דער וועלט.

— איך וויל נישט אויפשטיין, ווייל ס׳איז קאַלט און טרויעריק גאַנץ פרי.

— איך וויל נישט איבערבעטן די לערערקע, זי האָט מיך אומבאַ־רעכטיקט באַשטראָפט.

קעגן דעם קינדערשן בונט האָט קאָרטשאַק פון דערציער געפאָדערט פעסטקייט. וואָס גיכער און גרינטלעכער — וועט עס ווינציקער ווייטיק פאַרשאַפן די קינדער.

אין אונדזער לעבן איז נייטיק דיסציפלין, „ווייל נישט אין וואַלד, נאָר אין דער געזעלשאַפט לעבט דער מענטש".

אָן אַ פעסטער אָרגאַניזאַציע און אָן פליכט, אַנטוויקלען זיך נאָר געציילטע קינדער, אויסנאַמען, אָבער צענדליקער, הונדערטער קומען אום.

אין אַ כאַאָס זיינען די ערשטע צו ליידן די שוואַכע, און קאָרטשאַק האָט זיך אָנגענומען פאַר די שוואַכע, זיי באַשיצט.

קאָרטשאַק פלעגט מאַכן דעם פאַרגלייך: „קינדער זיינען ווי אַ טשאַ־טע פייגל. פאַראַן צווישן זיי ברויזנדיקע און פרידלעכע, שטאַרקע און שרעקעוודיקע, געזעלשאַפטלעכע און אינדיווידואַליסטן".

זיין שטרעבונג איז געווען צו באַזייטיקן די אַנטי־סאָציאַלע נייגונ־גען פון די שטאַרקע און שטאַרקן די שוואַכע.

***

ביי זיין נטיה צו אידעאַליזירן דאָס קינד האָט קאָרטשאַק געוווסט, אַז קינדער זיינען נישט לויטער גוטס, לויטער צידקות.

אויך דאָ האָט ער אָנגעהאַלטן זיין נאָרמאַלע מענטשלעכע באַציאונג צום קינד, וואָס ער האָט קודם־כל באַטראַכט פאַר אַ קאָמפּלעטן מענטשן.

אין זיין ווערק „ווי אַזוי ליב צו האָבן דאָס קינד״, זאָגט קאָרטשאַק אַזוי:

„צווישן קינדער זיינען פאַראַן אַזויפיל שלעכטע מענטשן, וויפל זיי זיינען פאַראַן צווישן דערוואַקסענע, נאָר זיי האָבן נישט די נויטוועגדי־קייט און די מעגלעכקייט דאָס אַרויסצוווייזן.

„אין דער וועלט פון קינדער געשעט דאָס אַלץ, וואָס עס פּאַסירט אין דער שמוציקער וועלט פון דערוואַקסענעם. ווערסט ביי זיי געפינען פאַרשטייער פון אַלע טיפּן מענטשן און אַלע זייערע אומווירדיקע מעשים.

„ווייל קינדער אימיטירן דאָס לעבן, גייען־נאָך די שטרעבונגען פון דער סביבה, אין וועלכער זיי זיינען דערצויגן געוואָרן״.

**
*

עס הערט זיך ביינאַכט דאָס געוויין פון אַ קינד אין שלאָף־זאַל. עס איז שרעקלעך צו הערן אין דער שטילקייט פון דער נאַכט דאָס פאַר־צווייפלטע געוויין פון אַ קינד.

די טרערן זיינען די זעלביקע, נאָר יעדעס קינד האָט זיך זיין אופן פון וויינען. דאָס געניטע אויער פון דערציער דערקענט באַלד וועמענס געוויין דאָס איז.

איינס פון די ערגסטע קינדער וויינט. דער וויינער געהער צו די קינדער וואָס האַקט אויס מיט אַ כיוון שויבן, שטערט די קינדער ביים שפּילן זיך, רופט אַרויס געשלעגן.

קאָרטשאַק וואַכט איבער די קינדער, אויך ווען זיי שלאָפן. ער דער־נענטערט זיך צום בעטל פון וויינענדיקן און באַרואיקט אים:

— וויין נישט, ווערסט אויפוועקן די קינדער.

אַ ווײַלע איז שטיל געוואָרן, אָבער ער איז נישט איינגעשלאָפן.

ער וויינט ווידער. נאָר איצט איז דאָס געוויין איינגעהאַלטן, דער־שטיקט אין זיך — דערפאַר איז עס מער אַנגסטלעכער, טרויעריקער.

קאָרטשאַק קניט אַנידער ביים קינדס בעטל און ער נעמט עס איינ־שטילן מיט גוטע רייד:

— דו ווייסט אַז איך האָב דיך ליב, דאָך קען איך נישט אַלץ דער־לויבן. איך ווייס, אַז דו האָסט אויסגעהאַקט די שויבן, דו שטערסט די קינדער ביים שפּילן, שטענדיק שלאָגסטו זיך. אָבער איך בין נישט אין כעס אויף דיר, דו וועסט זיך שוין אויסבעסערן. האָסט זיך שוין אַביסל אויסגעבעסערט.

דאָס קינד וויינט נאָך אַלץ. זיין געוויין איז איצט נאָך טיפער, שמערצלעכער. אַ פאַרוווּנדעטע חיה וויינט, קלאָגט אימהדיק.

— אפשר ביסטו הונגעריק? געבן דיר עפּעס עסן?

די לעצטע געוויין־ספּאַזמען שרייען אויס אינערלעכע שמערצן פון אַ צעווייטיקטער, באַוואָלהטער נשמה.

— זאָל איך דיר געבן אַ קוש אויף אַ גוטע נאַכט?

מיט אַ האַנט־באַוועגונג זאָגט ער אָפּ.

— טאָ שלאָף שוין, שלאָף, זונדעלע.

קאָרטשאַק גלעט דעם קינדס הייסן שטערן מיט זיין מילדער, פאָ־טערלעכער האַנט.

— שלאָף, שלאָף...

עס איז איינגעשלאָפן.

און אין דעם אויסטערליש שטילן אַרום, צווישן 150 שלאָפנדיקע קינדער, שטייט קאָרטשאַק, דער פאָטער און באַשיצער זייערער און ער שעפּטשעט אַ תפילה:

„אַלמעכטיקער גאָט, מיט וואָס וועסטו באַשיצן די פּילבאַרע נשמה פון דעם קינד, אַז זיין לעבן זאָל זיך נישט אַרומוואַלגערן אין שמוץ?“

## 1

ס'איז קיין האָר נישט איבערטריבן, אַז קאָרטשאַק האָט זיך אידענטיפיצירט מיטן קינד און ער איז געוואָרן זיין שליח־צבור, זיין פאָדערער און מאָנער ביי דער געזעלשאַפט.

ער האָט געפאָדערט פאַרשטענדעניש און דרך־ארץ פאַרן קינד. ער האָט געמאָנט רעכט און גערעכטיקייט פאַרן קינד — דער שוואַכער און אונטערדריקטער אין דער געזעלשאַפט פון דערוואַקסענעם.

נישטאָ קיין מער שווערער לאַגע — זאָגט קאָרטשאַק — ווי זיין אומבאַהאָלפן, אָן מיטלען, אָן פרייהייט צו באַוועגן זיך. אין אַזאַ לאַגע געפינט זיך דאָס קינד, דער אומבאַהאָלפענער צווישן די אומבאַהאָלפנסטע.

אין דער דאָזיקער מיסיע פון פאַרטיידיקער און מאָנער פון קינד, איז קאָרטשאַק נישט מיד געוואָרן. קיין איין טאָג אין זיין פרוכטבאַרן, שעפערישן לעבן האָט ער נישט פאַרגעסן אין דער פליכט וואָס ער האָט אויף זיך פרייוויליק גענומען.

דורך וואָרט און שריפט האָט ער געמאָנט ביי דער געזעלשאַפט רעכט פאַרן קינד, און דורך מעשים, דורך פראַקטישער טאָג־טעגלעכער רעאַליטעט אין דער קינדער־היים, אויף קראָכמאַלנע 92, האָט ער באַוויזן ווי אַזוי צו רעאַליזירן די דאָזיקע פאָדערונגען.

די קינדער־היים איז געווען פאַר אים די אַזיס פון אַ גערעכטער באַציאונג צום קינד, אין אַ מדבר פון אומגערעכטיקייט. אַן אָנהויב פון אַ גערעכטער און שענערער וועלט, וועגן וועלכער ער האָט געחלומט און געקעמפט.

און אַפילו שטייענדיק פנים־אל־פנים מיט די מערדערישע דייטשן, וועמענס בלוטדורשטיקע, פאַרברעכערישע כוונות זיינען אים געווען באַקאַנט פון דער ערשטער מינוט אָן און ער האָט זיך קיין אילוזיעס

נישט געמאַכט — אויך ביי זיי האָט ער געמאָנט, גערופן, געבעטן רחמים פאַר די קינדערס־וועגן, פאַר דער הייליקער קינדהייט.

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, אין איר אָנהויב ערשט, איז 1940, ווען דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין וואַרשע איז שוין געווען צעטרייסלט, האָט קאָרטשאַק מיט אַלע זיינע מיטלען געזוכט צו אויפהאַלטן און אָפּראַטעווען די קינדער־היים.

ער האָט זיך געווענדט מיט אַן אויפרוף, וואָס ער האָט צעשיקט צו יידישע משפחות אין וואַרשע. און מיט וואָסער נביאישער שטים און מאָנערישן טאָן קאָרטשאַק האָט רעדאַגירט דעם דאָזיקן אויפרוף:

„דאָס יתומים־הויז איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן.

„אין צוויי פאַלן פון אַ פּאָגראָם און אין דריי פּרווון פון רויב, זיינען מיר געבליבן אויף אונדזערע אייגענע כוחות.

„מען וועט אונדז נישט קאָנען אומברענגען.

„איך קען לייענען אין דער געשיכטע.

„איך האָב דורכגעמאַכט דריי מלחמות און לעב איצט דורך די פערטע מלחמה.

„נאָר שוואַכע מענטשן ווערן געשטרויכלט, ווערן צעבראָכן און צווייפלען.

„עס האָט אויפגעהערט צו פונקציאָנירן דער קאָמיטעט פאַר דעם יתומים־הויז. אייניקע זיינען געהרגעט געוואָרן, אָדער פאַר־אָרעמט געוואָרן.

„אַנדערע ווידער, עגאָיסטן, טראַכטן נאָר וועגן זיך זעלבסט.

„אויסוואורפן און טפשים טראַכטן אין אַ שטורעם־צייט, אַז נאָר זיי וועלן זיך ראַטעווען.

„די קינדער — דאָס איז אונדזער צוקונפט.

„איך פאָדער אַן אָפּצאָל פון הונדערט זלאָטעס פאַרן פאָנד פון יתומים־הויז.

„איך בעט נישט, נאָר — איך פאָדער!

„אָפּצונעמען דאָס געלט, וועל איך אַליין קומען אין די נאָענטס־טע טעג.

„איך בעט מיר נישט אָפּזאָגן, ווייל איך וועל דאָס נישט טאָ־לערירן".

מיט וואָסער שפּראַך קאָרטשאַק האָט געמאָנט פאַר די קינדער זייַנע, פאַר די וואָס זיינען די צוקונפט פון אונדזער פאָלק. „איך בעט נישט, נאָר — איך פאָדער".

## 2

אידעאַליזירן דאָס קינד איז פאַר קאָרטשאַקן נישט געווען נאָר אַ זאַך פון שטימונגען, פון דיכטערישער עקזאַלטאַציע. נישט אין סתם אי־בערשאַצן, אידעאַליזירן און באַזינגען די נשמה פון קינד איז אים גע־גאַנגען. נישט נאָר אין אויסלויבן דעם קינדס אומשולד און נשמה־ריינ־קייט און שאַפן פאַר אים אומבאַגרענעצטע פרייהייט האָט ער באַגערט.

דאָס אַלץ מוז זיין פאַרבונדן מיט אַ סיסטעם, מיט דיסציפּלין, מיט געזעצמעסיקייט, מיט טאָג־טעגלעכער רעאַליטעט. די אידעאַליזירונג פון קינד איז ביי אים געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט דער פּראַקטישקייט. די פרייהייט טאָר נישט ווערן פאַרן קינד אַ מקור פון ליידן.

אין אַ הערשנדיקן כאַאָס ליידט אַמערסטן דער שוואַכער — פלעגט קאָרטשאַק אָפּטמאָל איבערחזרן.

אין זיין מיסיע, ווי דער מאָנער פון רעכט און גערעכטיקייט פאַרן קינד, איז פאַראַן עפּעס פון עכטן נביאישן פּאַטאָס.

קאָרטשאַק האָט געשטורעמט פאַר דער אומגערעכטער באַציאונג צום קינד. זייער האַרבע רייד און ביטערע אמתן האָט ער געשליידערט אויף אונדזער געזעלשאַפט.

„אַ ליגן — זאָגט קאָרטשאַק אין זיין ווערק „דרך ארץ פאַרן קינד" — זיינען אייערע פּריווילעגיעס און נאָכגיביקייט לגבי קראַנקע און שוואַכע.

„אַ ליגן איז אייער רעספּעקט פאַר אַלטע און לעבנס־מידע.

„צביעות — אייער פרויען גלייכבאַרעכטיקונג.

„פאַלש — אייער כלומרשטע טאָלעראַנץ פאַר קינדער און יוגנט.

„דרך ארץ, אויב נישט אפילו הכנעה און אונטערטעניקייט, פאַר דעם ווייס־העלן און ליכטיק־ריינעם יום־טוב פון דער קינדהייט".

דאָס זיינען נביאישע רייד און נביאיש איז אויך דער פּאַטאָס.

קאָרטשאַק האָט באַשולדיקט די געזעלשאַפט פון דערוואַקסענע אין פאַרכאַפּן דעם קינדס פאַרמעגן. ווי צביעותדיקע אפּטרופּסים איבער דעם קינד, האָבן מיר לעבעדיקערהייט אים געירשנט און באַלעבאַטעווען מיטן קינדס פאַרמעגן. קאָרטשאַק האָט געמאָנט אומצוקערן דאָס פאַרכאַפּטע פאַרמעגן ביים קינד.

אָט אין וואָס עס באַשטייט דער געדאַנקען־גאַנג פון דער אָריגינעלער תביעה:

פון טאָג צו טאָג פאַרגרעסערט זיך אונדזער קולטור־פאַרמעגן און די ציוויליזאַציע רייכטימער. נישט מיר האָבן די אַלע ווערטן באַשאַפן. זייער פיל, און טאַקע די סאַמע גרעסטע טייל, האָבן מיר געירשנט פון די פאַריקע דורות.

מיר זיינען אַקציאָנערן פון ריזיקע אייגנטומס, געביידעס, פאַבריקן, האָטעלן, טעאַטערס — גיגאַנטישע שטעט. ריזיק גרויס איז אונדזער סחורות־פּראָדוקציע — זוכן מיר קאָנסומענטן, אָפּנעמער.

און קאָרטשאַק פאָדערט אַ חשבון. אויסרעכענען וויפל עס קומט זיי, דער קינדער־מאַסע, פון דעם אַקומולירטן אוצר, וויפל עס פאַלט אויס אויף זייער חלק.

„נישט קיין נדבות פאַרלאַנגען זיי, נאָר — חלק כחלק. אַ יושרדיקע אוצרות פונאַנדערטיילונג. ירשענען מיר זיי נישט אַמאָל לעבעדיקערהייט, מיר צביעותדיקע אפּטרופּסים איבער די קינדער־וועזנס?"

3

קאָרטשאַק שוידערט אויף פון די פאַלשע באַגריפן וועגן קינד און קינדהייט, און מיט וויפל אימפּעט און פייער ער באַקעמפט זיי.

עס רעגן אים ממש אויף די צווייערליי מאסשטאַבן וואָס מיר האָבן: צום מענטש און צום קינד,

עפּעס ווי עס זאָלן פאַר אונדז עקזיסטירן צוויי סעפּאַראַטע לעבנס, פון ערשטער און פון צווייטער קאַטעגאָריע: איין לעבן — אַ וויכטיקס, ווערטפול און אינהאַלטרייך, און אַ צווייטס — מינדערוויכטיק, ווערט־לאָז און פוסט.

בשעת מיר רעדן וועגן קינד מיינען מיר: אַ צוקונפטיקער אַרבעט־מענטש, אַ צוקונפטיקער בירגער.

דאָס אַלץ וועט ער ערשט שפּעטער זיין — מאָרגן, אין דער צו־קונפט. איצט אָבער איז ער נאָך גאָרנישט און מיר זיינען גרויסמוטיק און דולדן, טאָלערירן אים דערווייל. זאָל ער זיך דערווייל אַביסל אונ־טערשפּילן...

דערויף זאָגט קאָרטשאַק:

„ווי נאַאיוו איז אָט דער געדאַנק. זיי זיינען היינט פאַראַן און זיינען אויך אַמאָל געווען. זיי זיינען דאָך נישט צופעליק דערשינען.

„דאָס קינד איז נישט קיין צופעליקער באַקאַנטער, וועמען מען קען מיט אַ גוט וואָרט אָפּפּטרן און געזעגענען.

„די קינדער מאַכן אויס אַ היפּשן פּראָצענט פון דער מענטשהייט. זיי זיינען געווען, זיינען פאַראַן און זיי וועלן אויך להבא עקזיסטירן.

„איז דען מעגלעך אַ לעבן אויף קאַטאָוועס, סתם אַזוי זיך, נישט אויף אַ רעכטן אמת?

„די קינדער־יאָרן זיינען אַ לאַנג, ערנסט מענטשלעך לעבן״.

און ווי שניידיק־שאַרף קאָרטשאַק צעקלאַפּט די טראַדיציע פון חשי־בות פונעם באַיאָרטן לגבי דעם יונגן קינד, וואָס טראָגט נישט אויף זיינע פּלייצעס דעם באַלאַסט פון יאָרן.

אין קאָנטראַסט צו דער טראַדיציע, שטעלט קאָרטשאַק אַרויס די פאָדערונג צו האָבן אָפּשיי פאַר די העל־בלויע אויגן, ווייס־ווייכע קינ־דער־מוחות, יונגע ענערגיע און פרייע צוטרוי־געפילן.

„מיט וואָס — פרעגט ער — זיינען אויסגעלאָשענע אויגן־בליקן, שטערנס, באַדעקטע מיט קנייטשן, גלייכגילטיקע גרויקייטן און איינגע־בויגענע, רעזיגנאַציע, מער חשובער און רעספּעקטפולער?״

קאָרטשאַק פאָדערט פאַר דעם נייעם דור באַדינגונגען און מעגלעכ־קייטן אויסצוואוקסן גוטע און שיינע.

ער צעקלאַפּט און מאַכט צונישט די העראַרכיע פון יאָרן און טעג. גישטאָ קיין העכערע, אָדער נידעריקערע מדרגות אין ווייטיק און פריידן, אין האָפענונגען און אַנטוישונגען.

דאָס איז קאָרטשאַקס אַן אייגענער און אָריגינעלער צוגאַנג צום קינד, וואָס איז אויך אַ טיפער קוק אויף דעם מענטשנס לעבן בכלל. גישטאָ קיין לעבן אויף קאַטאָוועס, סתם אַזוי זיך.

גלייכצייטיק מיטן מאָנען רעכט פאַרן קינד און קינדהייט, מאָנט קאָרטשאַק אָפּשיי פאַר יעדער איינציקער רגע פון מענטשנס לעבן, וואָס לויפט, פאַרשווינדט שנעל און וועט זיך שוין מער קיינמאָל נישט אי־בערחזרן. דאָס לעבן איז אין יעדער רגע ערנסט, ליידנדיק און הייליק. און אוודאי איז עס הייליק אין דער אומבאַהאָלפענער קינדהייט.

קאָרטשאַק רופט:

„דערלויבט דעם קינד, אַ באַגייסטערטן, צו טרינקען דעם פרימאָרגן־טוי פון פרייד און פרייהייט. ס׳איז נישט קיין שאָד די צייט אויף אויס־צוהערן אַ שיין מעשהלע, אויף האָבן אַ געשפּרעך מיטן הונט, נאָכצאַמאָל און געגנוי באַקוקן דאָס בילד, איבערצייכענען אַ גרויסן געדרוקטן אות. אַלץ און אומעטום מיט נחת־רוח און גוטמוטיקייט״.

עס אָטעמט מיט געלייטערטן הומאַניזם פון יעדן זאַץ.

## 4

פונעם דערציער און פון דער דערציאונג האָט ער געפאָדערט נאָר איין זאַך: זיין הומאַן, מיט פאַרשטענדעניש און טאָלעראַנץ צום קינד.

פאַר אַלעם האָט קאָרטשאַק פאַרלאַנגט פונעם דערציער, אַז ער זאָל נישט נעמען אויף זיך די ראָל פון אַ צוימער, פון אַ געדונגענעם תליון, געשיקט פון די דערוואקסענע אונטערצודריקן דעם קינדס פאַרבליבענע נאָך פרייהייט און דערשטיקן זיינע געוווינהייטן און אייגנאַרטיקייט.

אין דעם קאַמף צווישן די דערוואקסענע מיטן קינד, מוז דער דער־ציער זיך שטעלן אויף דער זייט פונעם שוואַכן. דאָס קינד דאַרף פילן אין אים אַ פאַרבינדעטן.

אויף דער פראַגע, וואָסער אויפגאַבע האָט דער דערציער, וועלכע איז זייןווירקלעכע ראָל? — ענטפערט קאָרטשאַק, און ער ווייזט אָן קודם־כל, וואָס ער דאַרף נישט זיין:

„עס איז אַן אומזין, אַז דער דערציער זאָל נאָר אויספירן די פונק־ציע פון אַן אויפזעער איבער די ווענט און מעבל פון אינטערנאַט; אַז ער זאָל אָפּהיטן די שטילקייט אויפן הויף; אַז דעם קינדס אויערן זאָלן זיין ריין; אַז די צעווילדעוועטע סטאַדעס שאָף זאָלן קיין שלעכטס נישט אָנ־טון, נישט שטערן חלילה די עלטערע מענטשן אין זייער נאָרמאַלער אַר־בעט און פריילעכע אונטערהאַלטן; אַז ער זאָל זיין נאָר דער שליסל־היטער פון צעריסענע, פאַרלאַטעטע הויזן און שיך".

די ווירקלעכע אויפגאַבע פונעם דערציער איז פאַר קאָרטשאַקן — אָפּצוהיטן די רעכט צו מעגן זיין אַ קינד.

מיט אַנדערע ווערטער מיינט עס — דער דערציער מוז זיין דער פאַרטיידיקער און מאָנער פאַרן קינד.

אַז דאָס קינד איז גערעכט — איז פאַר אים אַ פּרינציפּ, אין וועלכן דער דערציער מוז כסדר געדענקען, אַלענפאַלס — היטן זיך נישט אי־בערצוטרייבן דעם קינדס שולד.

„געדענק, — זאָגט ער — אין די מערסטע פאַלן ביסטו נישט גע־רעכט. דאָס קינד איז גערעכט. דאָס קינד איז אַ שטרענגער ריכטער פון אַלע דיינע מעשים. זיי יושרדיק מיטן קינד, יושרדיק ביזן סוף, אַנדערש — וועסטו נישט געווינען זיין צוטרוי.

„דאָס קינד איז פילבאַר אויף יעדער פאַלשקייט, אַפילו דאָס קלענסטע. געדענק: דו ביסט אַ גרעסערער עגאָיסט פון קינד, און דו טאָרסט נישט פון אים פאָדערן, ער זאָל טון וואָס דו ווילסט".

קאָרטשאַק פאָדערט פון דערציער אַ סך אויפמערקזאַמקייט, וואַכ־זאַמקייט צום קינד. איינקוקן זיך צו זיין דרך און האַנדלונגען, נאָר נישט דערדריקן אים מיט פאָדערונגען און אומנויטיקע באַפעלן. זיי וועלן סיי־ווי נישט העלפן.

„ווייל עס איז נישט מעגלעך צו קאָרעגירן די נאַטור. עס איז נישט מעגלעך צו פאַרוואַנדלען דעם לעבעדיקן שטיפער אין אַ רואיקן און גע־

הארכזאַמען. דער אומצוטרוילעכערער און אַנגעכמורעטער וועט נישט ווערן אויפריכטיק און צוטרוילעך, פונקט ווי דער אַמביציעזער און עקשן וועט נישט ווערן מילד און אונטערטעניק".

און פאַר קאָרטשאַקן איז דער דערציער אַליין אויך נאָר אַ קינד, וואָס מוז זיך אַליין ערשט דערקענען, אַליין זיך דערציען און אויסבילדן.

קאָרטשאַק פאָדערט פון דערציער צו זיין דיסציפּלינירט און אָרגאַניזירט, ווייל נאָר אַזוי אַרום קען מען פאַרמיידן דעם קינד פיל אומאַנגענעמלעכקייטן.

ווען עס קומען קינדער צו מיר אין צימער — פלעגט קאָרטשאַק זאָגן — שטעל איך שטענדיק פריער אַוועק אויף אַ זיכער אָרט די לאָמפּ און דעם וועק־זייגער. איך וויל נישט אַז זיי זאָלן האָבן צער און איך שאָדן.

ס׳איז בעסער צו אַוועקנעמען באַצייטנס די לאָמפּ און דעם טינטעך, איידער צו בייזערן זיך דערנאָך צוליב אַ שאָדן.

אַלס מוסטער ווי עס דאַרף זיין דער דערציער אין זיין אומגיין זיך מיטן קינד, שטעלט קאָרטשאַק אַרויס דעם פראַנצויזישן נאַטור־פאָרשער פאַבער *). דער געלערנטער האָט זיך באַרימט מיט זיין דערגרייכונג צו האָבן דורכגעפירט זייער וויכטיקע אָבסערוואַציעס איבער אינסעקטן, נישט טויטנדיק קיין איינעם פון זיי.

דער געלערנטער דערציילט, אַז ער האָט געפאָרשט דעם פלי פון די אינסעקטן, זייערע געוווינהייטן, זאָרגן און פריידן. ער האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעקוקט צו זיי, ווען זיי האָבן זיך געדרייט אונטער די שטראַלן פון דער זון, ווען זיי האָבן געקעמפט און געפאַלן אין קאַמף, ווען זיי האָבן געזוכט שפּייז, געבויט שוץ־ערטער, געמאַכט שפּייז־זאַפּאַסן.

און ביי דעם אַלעם האָט ער זיך נישט אויפגערעגט, נאָר מיט אַ קלאָרן בליק געפאָרשט די געזעצן פון דער נאַטור און זייערע קיום־באַ־

*) הענרי פאַבער, באַדייטנדיקער פראַנצויזישער נאַטור־פאָרשער. געלעבט פון 1823 ביז 1915.

מערקבאַרע אָפּנויגן. און מיטן בלויזן אויג האָט ער געפּאָרשט, ווי אַן אמתער פאָלקס־לערער.

און קאָרטשאַק פאַרלאַנגט, אַז דער דערציער זאָל זיך באַגיין מיטן קינד ווי דער נאַטור־פאָרשער מיט זיינע אָביעקטן.

און איבער אַלעם פאָדערט ער פונעם דערציער — אומבאַגרענעצטע איבערגעגעבנקייט און אידעאַליזם; כסדרדיק וואַכן און וואַכזאַמקייט איבער דעם קינד.

אויב דער דערציער וויל באמת זיין אַ דערציער — ווייל אַלס אויפזעער נאָר, קאָן ער זיך איינאָרדענען, ער זאָל גאָרנישט דאַרפן טון — מיינט עס אַ זעכצן־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג, אָן איבערייס, אָן רו־טעג.

און די אַרבעט איז אַזאַ, וואָס לאָזט זיך גאָרנישט דעפינירן, באַציי־כענען אָדער קאָנטראָלירן. דעם דערציערס אַרבעט באַשטייט פון אַ שפע ווערטער, איינפאַל, אינטואיציע, געדאַנק און געפיל.

און אויב דעם דערציערס אַרבעט גיט נישט דעם געהעריקן רעזול־טאַט, האָט נישט קיין צוועק און קיין זין צו אויפרעגן אָדער בייזערן זיך איבערן קינד. לאָגיש און ווירקזאַם איז אין אַזאַ פאַל צו זוכן, פאָרשן די סיבה פון דעם מיסדערפאָלג.

קאָרטשאַק שטעלט העכער דאָס וואַרעמע געפיל, דעם יוגנטלעכן אומרו פון דערציער, איידער די „פסיכאָלאָגישע בוכהאַלטעריע" און דעם „פעדאַגאָגישן קאָדעקס".

אנשטאָט צוגעשניטענע, גרייטע כללים פאַר אַלץ און אַלעמען — פאָדערט ער אַ וואַרעם־מענטשלעך געפיל — ליבשאַפט.

נישט פאַראַלגעמיינערן, נישט דער צוגאַנג ווי צו אַ סטאַדע, נאָר — אַן אינדיווידועלע באַציאונג. באַהאַנדלען יעדעס קינד באַזונדער.

## 5

און נישט נאָר רעכט צו זיין אַ קינד האָט קאָרטשאַק געפאָדערט ביי דער געזעלשאַפט, פאַרשטענדעניש און טאָלעראַנץ צו דעם יונגן וועזן, נאָר אויך דרך־ארץ פאַר זיין אומוויסן, דרך־ארץ פאַר זיינע טרערן און מפלות.

מיט אַזאַ טיפער פאַרשטענדעניש רעדט ער וועגן דעם אומבאַהאָל־פּענעם קינד, וואָס געפינט זיך אין דער לאַגע פון אַ פרעמדן, איינער וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אַהער פון אַ ווייטן פּלאַנעט, און ער איז אינ־גאַנצן אָפּהענגיק פון אונדזער גאַסטפריינטלעכקייט.

און מיר באַהאַנדלען אים ווי אַפעריסטן און נוצן אויס די נאַיווי־טעט פון דעם פרעמדן. „זאָל ער גיין, זאָל ער בלאָנדזשען און אַריינפאַלן. מיר קעמפן מיטן קינד, באַפעלן, בייזערן זיך, שטראָפן, אָבער קיינער וועט אים נישט פריינטלעך אינפאָרמירן".

קאָרטשאַק פאָדערט דרך־ארץ פאַר דעם קינדס אומוויסן.

בכלל זיינען מיר צו שטרענג און צו ברוטאַל צום קינד. מיר באַ־ציִען זיך צו אים מיט צופיל קריטיק.

דאָס קינד באַקלאָגט זיך און מיט רעכט:

— ווען דער טאַטעשי גיסט־אויס אַ גלאָז טיי, זאָגט די מאַמע גאָר־נישט, נאָר אויף מיר — בייזערן זיך אַלע.

דאָס קינד, נישט זייענדיק צוגעווינט צו עוולות, ווייטיקט, וויינט ווען ער שטייט פּנים אל־פּנים מיט אַן אומרעכט. און דעמאָלט פאַלט פון אונדזער זייט די בייסיקע באַמערקונג:

— פאַלשע טרערן! זע נאָר ווי ער כליפּעט...

קאָרטשאַק פאָדערט דרך־ארץ פאַר דעם קינדס טרערן און מפּלות. די טרערן זיינען אַן אויסדרוק פון קינדס אָנמעכטיקייט און בונט. דאָס זיינען הילפסרופנדיקע געשרייען, הילכיקע פּראָטעסט־אויסרופן.

דאָס קינד וויינט, ווייל עס טוט אים באמת וויי.

אויף שריט און טריט צוימען מיר דאָס קינד מיט דעם — „טומל נישט!"

„טומל נישט" איז די לאָזונג אין דער שול, אין דער היים, אויפן הויף — נישט צו באַאומרואיקן די שכנים.

און וואָס זאָל דאָס קינד טון — פרעגט קאָרטשאַק — מיט דער שפע פון זיין ענערגיע, ווו און ווי אַזוי זאָל ער זיין ענערגיע ברענגען צום אויסדרוק?

און אפילו טומלענדיק, לאַדעווען קינדער אויס נאָר אַ טייל פון דער

ענערגיע, וואָס זיי טראָגן מיט זיך אין האַלדז, אין די לונגען, אין זייַן געמיט און נשמה.

„וואָס איז דאָס קינד שולדיק, אַז יעדער מעטער ערד אין שטאָט איז מיט גאָלד גלייַך?

„לאָזט אים לויפן פרייַ אויף דער לאָנקע, און עס וועט קיין טומל נישט זייַן, נאָר אַן אנגענעמער זשום פון מענטשלעכע פייגל״.

קאָרטשאַק פראָקלאַמירט דאָס קינד פאַר אַ פאַרשטענדלעך באַשע־פעניש, וואָס באַנעמט גוט די נויטווענדיקייטן, שוועריקייטן און מכשו־לים פון זייַן אייגן לעבן. דעריבער וועלן נישט העלפן קיין דעספּאָטישע באַפעלן, אָנגעוואָרפענע, אַרויפגעצוווּנגענע געזעצן. פיל ווירקזאַמער וועט זייַן אַ טאַקטפולע פאַרשטענדיקונג מיטן קינד, צוטרוי, צוזאַמענאַרבעט און אַ פרידלעך לעבן.

ווער האָט עס אויסגעטראַכט, אַז קינדער זייַנען נאַראָנים?

„נאַראָנים צווישן זיי — זאָגט קאָרטשאַק — זייַנען פאַראַן נישט מער און נישט ווייניקער, ווי אין דער געזעלשאַפט פון דערוואַקסענע. מיר, מיט דערפאַרונג פון יאָרן, וואַרפן מיר אויף זיי אַרויף אַ באַלאַסט פון ווייניק אויספירבאַרע באַפעלן און פליכטן.

„ווי פאַרוווּנדערט בלייַבט אַמאָל שטיין דאָס קינד קעגן דער הימל־שרייַענדיקער טפשות פון דערוואַקסענעם מענטש״.

קאָרטשאַק רעדט מיט פאַרביטערונג קעגן דער טעאָריע, וועלכע שטעלט אַוועק דאָס קינד ווי אַ פסיכיש נידעריקע, ווי אַ צווייט־ראַנגיקע באַשעפעניש; אַז מיטן עלטערן מענטשן רעגירן לאָגישע מאָטיוון, און ביים קינד האָבן די איבערהאַנט אינסטינקטיווע אימפּולסן. דער עלטע־רער מענטש האָט אַ פעסטגעשטעלטן כאַראַקטער, אַ קלאָרן מאָראַלישן מהות, בשעת דאָס קינד איז אַ תהום פון סטיכישע פאַרלאַנגען.

קאָרטשאַק, דער אייפערדיקער פאַרטיידיקער פון קינד, פירט דורך אַ פאַרגלייַך צווישן דער כלומרשט העכערער און נידעריקער קאַטעגאָריע מענטש. ער נעמט די פסיכאָלאָגיע פון אַן איינפאַכן גאַסן־מענטש, זייַנע אַבערגלויבנס און פאַרשימלטע טראַדיציעס, לייכטזיניקע טאַטן, אומ־פאַראַנטוואָרטלעכקייט אין פאַמיליע לעבן, נאַרישע עקשנות און פויל־

קייט, און שטעלט דאָס אַנטקעגן מיטן קינד — מיט זיין מיושבדיקייט און גלייכגעוויכט, זיין סאָלידע לייזונג פון אויפגאַבן, פיינפולע דערפאַ־רונג אויפן אייגענעם קערפער, יושרדיקע מיינונגען, סובטעלע טאַקטיק לגבי אַנדערע און פרעמדע; זיין חוש פאַר אָרדענונג, זיין געפיל פאַר גערעכטיקייט.

און דאָס קינד בלייבט אָבער אַלץ די „נידעריקע" קאַטעגאָריע מענטש.

די סיבה דערפון זעט קאָרטשאַק אין דעם, וואָס דער דערוואַקסענער באַציט זיך נאָך אַלץ צום קינד, ווי צו אַ מאַסע און ער דערזעט נישט דעם יחיד, מיט זיין סובטעלקייט, מיט זיין ספּעציפישער אייגנאַרטיקייט און נשמהדיקייט.

מיר זיינען געוווינט צו קלאַסיפיצירן די קונדער־מחנה אין אַלגע־מיינע מאַסן־דעפיניציעס: רירעווודיקע, אַמביציעזע, קריגעריש־געשטימ־טע, צעלאָזענע, לייכטזיניקע, געהאָרכזאַמע, פאַרדאָרבענע א. אַז. וו.

דורך אַזאַ קלאַסיפיקאַציע קומט אויס, אַז עס ליידן די געזונטע און נאָרמאַלע.

אנשטאט פאַרנעמען זיך מיטן יחיד, באַשולדיקן מיר דעם גאַנצן כלל. די מאַסן־פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז בכלל אַ שלעכטע דערשיינונג אין אונדזער געזעלשאַפט.

איז דען די מאַסן־פאַראַנטוואָרטלעכקייט נישט אַן אינסטרומענט פון דעם אַנטיסעמיטיזם, וועלכער באַשולדיקט אַ גאַנץ פאָלק צוליב אַ באַ־גאַנגענעם פעלער אָדער פאַרברעכן פון אַ יחיד?

„נעבן אַ נאָרמאַלן צושטאַנד — דערמאָנט קאָרטשאַק אין אַן עלע־מענטאַר נאַטור־געזעץ — טרעפן מיר אויך שלאַפקייטן. נעבן מעלות און אַ ריינעם כאַראַקטער — אויך חסרונות און פאַרדאָרבענע אייגנשאַפטן.

„נעבן קינדער, פאַר וועמען דאָס לעבן איז אַ פריידפול מעשהלע, אַ ליכטיק־שיינע לעגענדע, זיינען אויך פאַראַן קינדער, פאַר וועמען דאָס לעבן דערציילט טאָג־איין, טאָג־אויס ביטערע און האַרטע אמתן".

## 6

אויף טריט און שריט וואַרפט קאָרטשאַק פאָר דעם דערוואקסענעם זיין ברוטאַלע באַציאונג צום קינד. ביי יעדער געלעגנהייט פאַרשאַפט ער דעם קינד טרערן אוןליידן.

מיר פאַרמאַטערן און פאַרביטערן דאָס קינד כסדר מיט תכלית־פראַגן:

— וואָס וועט פון דיר זיין? וואָס וועט פון דיר מ׳שטיינס געזאָגט אויסוואַקסן?

מיר וואָלטן געוואָלט אַז די קינדער זאָלן אַלע אויסוואקסן פיין און איידל. עס חלומט זיך אונדז דער פולקאָמער מענטש פון דער צוקונפט.

זייער שניידיקע אמתן ברענגט אַרויס קאָרטשאַק קעגן דערוואקסענעם, וועלכער פאָדערט נאָר דעם מאַקסימום ביים קינד:

„צופיל לייגן מיר אָן אויף די שוואַכע פלייצעס פון קינד. אונדזערע אייגענע דורכפאַלן ווילן מיר זען רעקאָמפּענסירט דורכן קינד.

„מיר אַליין האָבן שוין רעזיגנירט פון אַלע שטרעבונגען צו עפּעס העכערס, צו עפּעס שענערס, שטייען מיר דערפאַר צו מיט אַזויפיל פאָדערונגען צום קינד.

„זיך אַליין קאָנטראָלירן מיר שוין לאַנג נישט, אָבער דאָס קינד — זאָל עס נאָר וואַגן אונדז אַמאָל צו קריטיקירן״.

דאָס קינד האָט נישט געוואָלט, אָדער נישט געהערט, צי נישט אַזוי גוט פאַרשטאַנען, אַ טעות געהאַט, פאַרגעסן — שטענדיק איז ער שולדיק!

ער איז דער ווילדער און פאַרדאָרבענער. ער באַוועגט זיך צו־גע־שווינד אָדער צו־פּאַמעלעך, עפּעס נישט אַזוי ווי אונדז געפעלט — איז עס ווידער זיין שולד.

— ביסט פויל, שמוציק און אומדערטרעגלעך!

און אַז דאָס קינד טוט שוין יאָ אַזוי ווי אונדז געפעלט — טויג עס אויפסניי נישט. האָבן מיר ווידער אַ געלעגנהייט צו זיין בייסיק:

— זעסט, אַז דו ווילסט קענסטו יאָ...

און קאָרטשאַק רעדט וועגן דער באַציאונג צום קינד מיט אַ שפּראַך פון שניידיקע ריטער:

„שטענדיק וועלן מיר שוין געפינען עפּעס זיי פאָרצוואַרפן. שטענ־דיק פאַרלאַנגען מיר מער וויפל זיי קענען אונדז געבן.

„צי טרעטן מיר ווען עס־איז פריינטלעך אָפּ? צי מיידן מיר ערגעץ אויס קאָנפליקטן און צוזאַמענשטויסן?

„צי פאַרגרינגערן מיר דעם קינד אַ וואָסער עס איז צוזאַמענלעבן?

„צי זיינען מיר נישט אַמאָל די נאַרישע עקשנים, די פאַרביטערט־שלעכטע און אייביק איר־אָניזירנדיקע?"

מיר האָבן זיך אַזוי צוגעוווינט, אַז מיר זוכן און הערן נאָר דעם קינדס עוולות, קריגערייען, געשלעגן און באַשולדיקונגען, און מיר פאַר־זען די שיינע מאָמענטן פון זייער פרידלעכן צוזאַמענלעבן. מיר פאַרזען אָבעו', ווי גרויס עס איז די צאָל פון זייער קעגנזייטיקער הילף, פאַרגעבן זין', די אומצאָליקע טובות, גוטע איינפלוסן, שיינע און ליכטיקע מענטש־לעכע ביישפילן.

אפילו די ערגסטע און געמיינסטע צווישן זיי — פלעגט קאָרטשאַק אַרגומענטירן — פאַרשאַפן דאָך נישט שטענדיק צער און עגמת נפש, נאָר אַמאָל אויך פרייד און נחת.

איז אָבער די זאַך, אַז די שיינע, נחתדיקע טעג, וואָס די קינדער גיבן אונדז, פאַרגעסן מיר. דאָס איז נאַטירלעך, אַזוי דאַרף עס זיין, אָבער פאַר איין שלעכטער רגע, צאָלן מיר מיט אַכזריותדיקער באַציאונג.

איז אַזאַ האַנדלונג ריכטיק, לאָגיש, יושרדיק?

קאָרטשאַק ווייזט צוריק דעם פאָרוואורף, אַז קינדער זיינען לייכט־זיניקע באַשעפענישן, אָן אַ מאָראַלישער גלייכגעוויכט; אַז קינדער זיי־נען די ערשטע קרבנות פון מאָראַליש־קלעפּיקע קראַנקהייטן.

קאָרטשאַק דערציילט אייניקע כאַראַקטעריסטישע עפּיזאָדן פון זיין דערציערישער דערפאַרונג, וואָס ווייזן ווי איבערטריבן און גרונטלאָז עס זיינען די חשדים בנוגע דעם קינד.

אַמאָל האָב איך באַמערקט — דערציילט ער — ווי עלטערע יינגלעך שעפּטשן צווישן זיך עפּעס געהיימנישפול אויפן זאַל און פירן אַריין אין

באָד־צימער קלענערע קינדער. נאָך אַ קורצער ווייל קומען די קליינע חברה אַרויס צערודערטע.

עס האָט אים געקאָסט גענוג אָנשטרענגונג צו בלייבן ווייטער זיצן אויף זיין אָרט ביים טיש און אָנגיין מיט זיין אַרבעט. די שפּיל האָט אים שטאַרק אינטריגירט, ביז עס איז אים געלונגען פעסטצושטעלן אין וואָס זי באַשטייט. און אַרויסגעוויזן האָט זיך אַז די שפּיל איז געווען אַן אומשולדיקע.

איינער פון די עלטערע יינגלעך, וועלכער אַרבעט ביי אַ פאָטאָ־גראַף, האָט איינגעהילט אַ ציגאַרן־פּושקע מיט אַ האַנטעך, אַז עס זאָל באַקומען דעם אויסזען פון אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט. צווישן די קלע־נערע חברה האָבן זיי גרינג געפונען בעלנים אויף „פאָטאָגראַפירן" זיך.

אַזאַ בעלן האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אונטערן קראַן, ביי דער וואַנט. אומבאַוועגלעך איז ער געשטאַנען און געוואַרט אויף דער אויפנאַמע. אויף דעם צייכן „דריי", האָט איינער געעפנט דעם קראַן, און דער בעלן אויף פאָטאָגראַפירן זיך איז אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט אַ קאַלטן שטראָם וואַסער.

אַן אומשולדיקע שפּיל; און יעדער חשד איז אויסגערונען געוואָרן.

אגב, איז דאָס געווען אַ גלענצנדע לעקציע פאַר דעם קליינוואַרג. נאָך אַזאַ אַנטוישונג וועט שוין נישט זיין אַזוי גרינג זיי צו פאַרנאַרן.

און נאָך אַ פאַל איז כדאי צו ציטירן.

אַן אַנדערש מאָל האָט קאָרטשאַק באַמערקט, ווי אַן 11־יאָריקער יינגל איז צוגעגאַנגען צו אַ מיידל, וועלכע ער האָט ליב געהאַט און איר עפּעס איינגערוימט. זי האָט זיך פאַרויטלט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, מאַכנדיק דערביי אַ באַוועגונג מיט די הענט ווי איינע וואָס געפינט זיך אין אַ פאַרלעגנהייט.

דער פאַל האָט אים, פאַרשטענדלעך, שאָקירט. ערשט אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט קאָרטשאַק זיך נאָכגעפרעגט ביי דער מיידל וואָס דאָס יינגל האָט איר דעמאָלט געזאָגט. און מיט דער גאַנצער אויפריכטיקייט, אָן צו פאַרלירן זיך, האָט זי זיך דערמאָנט:

— אַך, ער האָט מיך געפרעגט, צי איך ווייס וויפל עס איז 16 כּאָל 16.

און קאָרטשאַק גיט צו:

„דער דערציער, וועלכער וואַכט צו אײַפערדיק איבער דער מאָראַל פון קינד, האָב איך מורא — איז ער אַליין מיט זיך נישט אין אָרדענונג...״

## 7

קאָרטשאַקס שטעלונג צום קינד איז נישט עפּעס אַ בטלנישער, אַ לערעריש־דערציערישער ענין, וואָס האָט קיין שייכות נישט מיטן ברייטן לעבן; ניין, דאָס איז געווען פאַר אים אַ סיסטעם, אַ לעבנס־שטה.

די גרויסע שנאות און די קאַמפן וואָס מענטשן פירן צווישן זיך, ציען זייער יניקה אין דעם נישט קענען זיך געגוג. דאָס זעלבע איז ביים יהיד און דאָס זעלבע ביי פעלקער.

קענען איינעם, מיינט אים פאַרשטיין, באַנעמען, האָבן פאַרשטענדעניש, טאָלעראַנץ און מיטהעלפן פאַר זיין עקזיסטענץ.

פאַרשן דאָס קינד, זוכן דעם וועג צום קינד, האָט געהאַט פאַר אים אַ קאָנקרעטן, תכליתדיקן ציל: דורך קענען אים, וועט מעגלעך זיין בעסער איינפאַרשטיין זיך מיטן קינד, פאַרגרינגערן דעם דערציאונג־פּראָצעס, וואָס פאַרשאַפט אים אָפטמאָל פיזישע און מאָראַלישע ליידן; בעסער און ווירקזאַמער מיטהעלפן אים אין זיין אַנטוויקלונג.

אין דעם צוגאַנג זיינעם צום קינד, אין מאָנען גערעכטיקייט פאַר דעם שוואַכן און אומבאַהאָלפן קינד, האָט קאָרטשאַק געזען אויך אַ לייזונג פאַרן מענטשן בכלל. מיטן זיין גערעכט צום קינד, וועט מען לייגן די באַזע פאַר גערעכטיקייט אין דער מענטש־געזעלשאַפט, פון וועלכער דאָס קינד בילדעט דאָך אַ באַדייטנדיקן טייל.

און וועט דאָס קינד אויסוואַקסן אין אַ סביבה, ווו די דערוואַקסענע וועלן זיין גערעכט צו אים, אָן צו אונטערדריקן זיין פרייהייט, וועט ער אַלס דערוואַקסענער אויך זיין גערעכט אין זיין באַציאונג צו מענטשן. ער וועט זיין פריי פון דעם קאָמפּלעקס פון נקמה.

קאָרטשאַק אין דער ראָל אַלס מאָנער פאַרן קינד, האָט קודם־כל גע־מיינט דאָס קינד ביז צום עלטער פון 12־13 יאָר, אין דעם סאַמע אומ־באַהאָלפנסטן פעריאָד. זיי האָט ער זיך געווידמעט. די עלטערע האָבן אים ווינציקער אינטערעסירט, ווייל זיי קאָנען זיך שוין אַליין אַן עצה־געבן. זיי האָבן ביכער, קינאָ און מער פרייהייט צו באַוועגן זיך.

קאָרטשאַק האָט וויפל מאָל אויסגעדריקט זיין איבערצייגונג, אַז די זעלבע איינפירן און אינסטיטוציעס פון קינדער־היים, וואָלטן אין אַן אַנדער מאסשטאב געקאָנט אויך איינגעפירט ווערן ווי אַ נוצלעכער עלע־מענט פאַר דער צווישן־פעלקער פאַרשטענדיקונג. די אַליינפאַרוואַל־טונג פון דער קינדער־היים, איז געווען פאַר אים אַ פּרווו, אַ צוגרייטונג צום פאַרלאַמענט פון וועלט־אָנפירונג.

דאָס קינד איז פאַר קאָרטשאַקן נישט עפּעס באַזונדערס, פאַר זיך, אָפּגעריסן פון דער רעשט מענטשהייט. קינד און מענטש זיינען פאַר אים איין און דער זעלבער באַגריף. דאָס קינד טיילט זיך נישט אויס מיט זיינע האַנדלונגען און מעשים פונעם דערוואַקסענעם.

אָט ווי קאָרטשאַק פאָרמולירט עס גלענצנד אין זיין ווערק „ווי אַזוי ליב צו האָבן דאָס קינד":

„אַ האַסטיק קינד האָט אין זיין צעטראָגנקייט עמיצן אַ שטויס גע־טון; אַ דערוואַקסענער האָט אין זיין אויפגערעגטקייט עמיצן דערהרגעט.

„ביי אַ נאַיוו קינד האָט מען אויסגענאַרט אַ שפּילעכל; ביי אַ נאַ־איוון דערוואַקסענעם, נאַרט מען אויס אַן אונטערשריפט אויף אַ וועקסל.

„אַ לייכטזיניק קינד האָט אויסגעגעבן די סענטן וואָס ער האָט באַ־קומען צו קויפן זיך אַ העפט, אויף צוקערלעך; דער לייכטזיניקער דער־וואַקסענער — פאַרשפּילט זיין גאַנץ פאַרמעגן אין קאָרטן".

עס זיינען דאָ נאָר מענטשן. פאַרשיידן זיינען נאָר זייערע באַגריפן, פאַרשיידן איז די מאָס פון זייער דערפאַרונג, פאַרשיידן זיינען אויך די פאַקטאָרן וואָס ווירקן און מיט אַן אַנדער גאַמע פון געפילן.

## 8

און ער, דער בּאַנער פון רעכט און גערעכטיקייט פאַר דעם שוואַכן, איז אַליין געפאַלן אַ קרבן פון דער גרויזאַמער אומגערעכטיקייט.

עס שוועבט מיר פאַר די אויגן דאָס בילד, ווען קאָרטשאַק איז פאַר־בליבן איינער אַליין אין שלאָף־זאַל, ביינאַכט, מיט די שלאָפנדיקע שוין קינדער.

ער האָט ליב געהאַט זיך מתיחד צו זיין מיט דער מחנה שלאָפנדי־קע קינדער. אַ פאַרטראַכטער, אַ פאַרטיפטער אין מחשבות, פלעגט ער אַזוי איינזאַפּן אין זיך דאָס אָטעמען פון זיינע קינדער און פאַרטראַכטן זיך איבער זייער גורל.

„דאָ איז אַזוי גוט און מסוגל צו טראַכטן איבער דעם קינד" — פלעגט ער זאָגן.

דאָס האַרץ איז אין אים אויפגעגאַנגען, געוואקסן פאַר פרייד.

איז דען דאָס נישט אַ געניוג דאַנקבאַרע פרייד, וואָס זיי וואַקסן און גייען אויף? איז דאָס אַליין נישט קיין גענוגנדיקע פאַרגיטיקונג פאַר דער אַרבעט?

און ווו אַהין — האָט זיך קאָרטשאַק געפרעגט — זאָל איך זיי פירן? צו די גרויסע אידייען, צו דערהייבענע מעשים? צי נאָר איינאיבן זיי, צו קענען דערפילן די נויטיקסטע פליכטן, אָן וועלכע די געזעלשאַפט שפייט אויס פון זיך; נאָר אַבי זיי זאָלן קענען אויפהאַלטן זייער ווירדע?

ער האָט דעמאָלט אינגאַנצן נישט געאַנט, אַז ער, זייער פאָטער, מע־דיקער, דערציער, חבר און פריינט — וועט זיי דאַרפן פירן אויף דעם לעצטן וועג, צום טויט...

וואָס האָט ער געטראַכט דעמאָלט, אין יענעם שוידערלעכן מאָמענט, וועגן דער ווירקזאַמקייט פון דער דערציאונג, ווען ער האָט געזען פאַר זיך דעם מענטש אין זיין חיהשער געשטאַלט?

און ווער ווייס צו וואָס פאַרא ביטערע שלוסן ער איז געקומען וועגן

מענטש און געזעלשאַפט, ווען די מענטשלעכע רשעות האָט זיך אַנטפּלעקט צו אים אין אַזאַ גרויל־האַפטיקער געשטאַלט?

און אפשר איז אים אין יענעם מאָמענט קלאָר געוואָרן עפּעס אַזעל־כעס, צו וועלכן ער האָט זיך זיין גאַנץ לעבן נישט געקאָנט דערטראַכטן:

אַז דער מענטש וועט מוזן געפינען דעם וועג צו זיך, ווייל אַנדערש וועט ער אומקומען אין זיין טפּשות; ער וועט מוזן, די געפאַרן וועלן אים ברענגען דערצו.

האָט אפשר דער דאָזיקער באַוווסטזיין, דער לעצטער גלויבן אינעם מענטשן, באַלויכטן זיין לעצטן וועג און אַביסל געמילדערט די מוראדיקע שמערצן פון דעם וואַרים־מענטשלעך האַרץ?

